ז. סעגאַלאָוויטש

# די ווילדע צילקע

ראָמאַן



פֿאַרלאַג א. גיטלין

וואַרשע / 1922

I

## צילקע און די מומע ניכע.

א גרויסער וואַלד...

און אַרום דעם וואַלד וויגן זיך נאָך וועלדער, גרויסע, גע-דיכטע, ווייטע, רואיקע, אין זיך פאַרטראַכטע.

ווו-נישט-ווו רייסט זיך איבער דער שוואַרצער וואַלד-שאָטן און הימל גיסט זיך צונויף מיט ערד, ערד מיט הימל. שאָסייען שלענגלען זיך צווישן די וועלדער, טייכן און טייכלעך.

דאָ און דאָרט אַרבעטן מענטשן. מען לייגט אַוועק די גרוי-סע ביימער און אונטן בלייבט אַ בית-עולם פון אונטערגעזעגטע וואָרצלען.

נאָר זאָלן זיי זיך רוישן די ווייטע און נאָענטע וועלדער. אונזער בליק האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין די גרינע שאָטנס, אונ-זער אויער האָרכט קלאַנגען...

דאָ שוימט צווישן די סאָסנעס אַ שמאָל טייכל און דאָס וואַסער פון אים זעט אויס געשליפן און גרין, ווייל די ביימער שפיגלען זיך אין אים.

אַלטע צווייגן, שטיינער, קלעצער צוימען דאָ און דאָרט

דאָס טייכל. לויפט דאָס וואַסער און פאַרהאַלט זיך, לויפט און שרייט און מורמלט אויף זיין וואַסער-לשון. אַ טרעל פון אַ פויגל, אַ קוויטש פון אַ וועווריק, געציילטע טענער פון דער נאַטור.

טאָג און נאַכט גייט דאָ אַוועק אין שטילקייט. מוראַשקעס מיליאָנען קריכן דאָ אויף דער ערד. פינטעלעך, פונקטעלעך באַוועגן זיך—אויך מחותנים אויף דער ערד, שותּפים פון לעבן.

וועמען גייען זיי אָן די מוראַשקעס? פעלקער זענען פאַרשווונדן געוואָרן, ריזיקע חיות, מאַמאַנטן! אַש און שטויב איז פון זיי געוואָרן, שטאַרקע גרויסע שטעט זענען חרוב געוואָרן, די פּיראַמידן פון מצרים פאַלן איין...

און דאָ קריכן מוראַשקעס, פינטעלעך, לעבעדיקע זאַמדעלעך...

וועמען גייען זיי אָן?

אַ בוים אַן אַלטער וועט אומפאַלן און פון מיליאָנען אַזעלכע לעבעדיקע זאַמדעלעך וועט קיין זכר נישט בלייבן.

אָבער דערווייל לעבט דאָ יעדער אָטעם פון וואַלד פאַר זיך און אין זיך... שווייגנדיק און איינגעהאַלטן. שאָטן שווייגט. אַ באַלויכטן ווינקל לייכט און שמידט צו צו זיך די עטלעכע פאַרגנבעטע שטראַלן. ווען? ווען האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שווייגן פון דער אייביקייט און ווען וועט זיך עס ענדיקן.

בלויז אין איין ווינקל פון וואַלד גייט דאָס לעבן אַביסל אַנדערש.

דאָ שטייען דריי הייזער מיט עטלעכע שטאַלן, שטריק זענען דאָ צוגעבונדן צו עטלעכעביימער און אויף די שטריק הענגט וועש און טרוקנט זיך...

ווייסע העמדער, קאָלירטע, בלאָע, רויטע ציכלעך און קליידלעך. די אַלע פאַרבן רייסן מיטאַמאָל איבער די אַרומיקע ווייטע און נאָנטע גרינקייט...

אַ וואָגן שטייט דאָ אָן אַ פערד, עטלעכע בענקלעך צובראָכענע וואַלגערן זיך לעם איינעם פון די שוועלן און נאָך פאַרשידענע שטוב-מכשירים.

שטיל אַרום.

אין איין שטוב זענען די פענסטער אינגאַנצן געעפנט, גאָר

קיין סימן פון לעבן אַרום. די צוויי אַנדערע הייזער זענען צו-
געמאַכט פון אַלע זייטן, זעען אויס פאַרלאָזן.

אַ פאַרבייגייער וואָלט געטראַכט, אַז דאָס איז אַ פאַרלאָזע-
נער וואַלד-ישוב. נאָר הערט זיך איין—עס קלאַפּט עפּעס.

דאָס קלאַפּט מען ביים טייכל, דאָרט וואַשט מען וועש.

דאָס טייכל איז אויף דעם אָרט זייער שמאָל און דאָס וואַ-
סער לויפט האַסטיקער.

אַן עלטערע פרוי פון אַ יאָר פופציק זיצט איינגעבויגן און
וואַרפט דורך איין שטיקל וועש נאָך דעם צווייטן.

זי איז אינגאַנצן פאַרשפריצט און פאַרגאָסן פון וואַסער.
פון אונטער דעם טיכל אויפן קאָפּ קריכן אַרויס עטלעכע גראָע
האָר. זי קוקט אין וואַסער און ווען זי דערזעט, ווי דאָרט שפיגלט
זיך אָפּ איר גאַנצער פנים מיט די עטלעכע גראָע האָר, באַהאַלט
זי די האָר צוריק אונטערן טיכל...

אויף אַ רגע הערט זי אויף צו אַרבעטן, הערט זיך עפּעס
צו, קוקט צווישן די ביימער און נעמט רופן:

—צילקע, צילקע!

צוויי מאָל שרייט זי עס אויס און צוויי מאָל טוט איר
דער וואַלד נאָך און ווידערהאָלט:

—ציל—קע, ציל—קע!

נאָר די אמתע צילקע רופט זיך נישט אָפּ. די אַלטע נעמט
ווידער אַרבעטן און שטויסט די שטיקלעך גרעט און שטויסט דאָס
וואַסער... „טיאַך-טיאַך", „טיק-טאַק".

פון אַ בוים פאַלט אַראָפּ אַ שישקע און דערלאַנגט אַ פּלוכטש
אין טייכל, נעמט שווימען און פאַרשווינדט מיט די פלינקע שמאַ-
לע שטראָמען...

די אַלטע אַרבעט און רוט זיך אָפּ. דאָס וואַסער פון טייכל
איילט זיך און וויל זיך אויף קיין רגע נישט אָפּשטעלן. אויף
קיין איין רגע נישט. גוואַלדיק פאַרנומען, פונקט, ווי עס וואָלט
וועלן פאַרשעמען דעם גרויסן גרינעם וואַלד, וואָס שטייט שטענ-
דיק צוגעשמידט צו דעם זעלבן אָרט און זינגט און קוויטשעט
מיט די וועווריקעס.

שעם זיך, אלטער גרויסער וואלד!

אזא שמאל טייכל איז שוין אויסגעוועזן די גאנצע וועלט און דו ביזט דא געבוירן געוואָרן און דא וועסטו שטארבן. שעם זיך, וואלד!

עס דויערט לאנג.

עס גייט אזוי כסדר די מאנאטאנע שטילקייט און די מא-נאָטאנע ארבעט...

פלוצלונג דערהערט זיך א ליד פון יענער זייט וואלד:

רייזקע זיצט אין פענסטער
און אסתר גייט פארביי,
אסתרקע, וואס מאכסטו?
—מיינער איז נישט טריי.

דאס זינגט א יונג פרויען-קול. די לעצטע פאר ווערטער כאפט אונטער דער עכא און טראגט זיי אוועק איבער די ביימער.

„מיינער איז נישט טריי".

די אלטע וועש-וואשערין הייבט אויף דעם קאפ און נעמט רופן...

—צילקע, צילקע, קום שוין אמאל נענטער.

—הא, איך גיי!

פון אונטער די ביימער באווייזט זיך צילקע א בארוועסע מיט א רויט לייכט קליידל אויף די אקסלען, זי שפרינגט אריבער דאס טייכל און קומט צו צו דער אלטער.

—נעם און הענג אויף די עטלעכע שטיקלעך,—זאגט די אלטע מיט בייזקייט.

—די מומע ניכע איז בייז?—פרעגט צילקע, נאר זי ווארט נישט אויף קיין ענטפער. זי לייגט ארויף אויף די הענט די איינגעפרעסטע שטיקלעך וועש און גייט צו די ביימער מיט די שטריק.

דערביי רעדט זי צו זיך אליין.

—די מומע ניכע איז בייז, דער טאטע איז בייז, שלמה דער שרייבער איז בייז, אלע זענען בייז, אלע זענען פארנומען און אין כעס...

דערביי דערלאנגט זי זיך א זיפץ און נעמט ווידער זינגען...

רייזקע נעמט זי טרייסטן
און אסתר וויינט זיך אויס...
—וואַרט אויף מיר ביים טויער
איך גיי צו דיר אַרויס...

דערנאָך ווען זי הענגט שוין אַלצדינג אויף, גייט זי צו צום טייכל און נעמט שווענקען די פּיס.

מיט אַזאַ ברוגז, מיט אַ קאַפּריזנער מינע פּאַטשט זי אין וואַסער מיט די פּיס, פּונקט ווי דאָס וואַסער וואָלט אין עפּעס שולדיק געווען.

זי האָט אַ רונד געזיכט מיט בלאָנדע האָר, זי האָט גרוי־לעכע אויגן מיט ברוינע ברעמען איבער זיי. און בעת אויף איין זייט פון די ליפּן ליגט בייזקייט און קאַפּריז, שפּילט זיך אויף דער צווייטער זייט פון די ליפּן אַן איינגעהאַלטענער שמייכל.

צילקע באַדאַרף זיין אַלט אַ יאָר ניינצן, נאָר זי האָט נאָך אין זיך פיל פון אַ זעכצן־יעריק מיידל, זי וואָלט נאָך וועלן גוט אַ שטיף טון.

איצט האָט שוין די מומע ניכע געענדיקט איר אַרבעט און זי פרעגט:

—וווּ ביזטו געווען, צילקע?

—אין גוראַלניע, איך האָב געזוכט שלמהן, ער פאָרט אין שטאָט, איך האָב געוואָלט אַ בריף שיקן.

—צו וועמען?—שטייט צו די אַלטע,—צו אים? האַ!

—צו אים! צו אים!—רייצט זיך מיט איר צילקע און פּאַטשט מיט די פּיס אין וואַסער. אַ גאַנצע קאַסקאַדע מיט שוים־טראָפּנס שפּריצן.

—ער האָט דיך שטאַרק אין זינען סאַשע, עס פעלן אים אין שטאָט מיידלעך, האַ!

—ער זאָגט, אַז ער וועט די גאַנצע שטאָט אַוועקגעבן פאַר איין שמייכל פון מיר, מומע! זאָג מיר, איך פאַרשטיי נישט פאַר־וואָס האָט ער אַזוי ליב מיין שמייכל...

—ביזט אַ קעלבל נאָך, ביזט נאָך גאָר אַ קעלבל. דו געפעלסט אים, און אַז מען געפעלט—איז שוין אַלץ גוט...

—מומע ניכע, ער האָט מיר דעמלט, ווען ער איז געווען דעם לעצטן מאָל, געזאָגט, אַז ווען איך זאָל ווערן—נעמט ער מיך צו אין שטאָט און ער וועט מיך שוין קיינמאָל נישט פאַר-לאָזן...

—נאַרעלע...

—ניין, מומע, צוליב וואָס קומט ער דאָ? זיין טאַטנס גע-שעפטן אינטערעסירן אים? וואָס? מען מעג אויסהאַקן אַלע וועל-דער, מען מעג זיי לאָזן—אים איז אַלץ איינס. ער קומט צוליב מיר...

—נאַרעלע, און וואָס וועט טאַטע זאָגן זיין טאַטע, אזא גביר? וואָס וועט זאָגן די גאַנצע משפחה זיינע? מען וועט אים לאָזן חתונה האָבן מיט אַ משרת אַ טאָכטער... לאָז, נאַרעלע, קום אַריין אין שטוב, מען מוז שוין צוגרייטן עפּעס עסן. דיין טאַטע מיט שלמהן וועלן שוין באַלד קומען פון גוראַלניע...

ביידע פרויען גייען אַוועק פון טייכל, דער וואַלד שווייגט און זינגט, זינגט און שווייגט און דאָס טייכל מורמלט.

צילקע איז עפּעס פאַרטראַכט, נאָר מיטאַמאָל נעמט זי ווידער זינגען...

> וויש אָפּ דיינע טרערן
> און קעם צו דיינע האָר,—
> זאָל דיין חתן מיינען,
> אַז דו מיידסט אים גאָר...

מיט די לעצטע ווערטער לויפט זי שוין אַריין אין שטוב. די רויטקייט פון איר קליידל פאַרשווינדט פון גריגעם וואַלד-פאַן-שטיל-שטום.

אַרום איז נישטאָ קיין לעבעדיקער נפש. אַלע ביימער ציען זיך נאָך שטאַרקער אויס, דער וואַלד איז געבליבן פאַר זיך און אין זיך...

אָט באַלד וועט זיך דאָס וואַסער פון טייכל אָפּשטעלן, די ביימער וועלן זיך אויסציען אויף דר'ערד, ווי אַ מידע זאַטע סטאַדע...

מיטאַמאָל שניידט דורך די שטילקייט אַ געשריי פון אַ

וועוורִיק, אזאַ ווילדער קעצישער געשריי שניידט דורך די לופט...

און אַביסעלע שפּעטער הערט מען שוין שרייען דעם קוקוק. עס לעבט דער וואַלד, לעבט אָן מענטשן, אָן טומל...

קיין ווינטל רירט נישט די ביימער, בלויז אין עט-לעכע ערטער האָט זיך איינגעגעבערט די זון און זי סמאַלעט די ביימער...

דאָ און דאָרט געמען רינען גאָלדענע פּעך-טראָפּנס, דורכ-זיכטיקער בורשטין...

פון דעם און יענעם בוים פאַלט אַראָפּ אַ שישקע. פריש און צייטיק לייגט זי זיך אויס אויף דר׳ערד...

עס דויערט לאַנג דאָס זינגנדיקע שווייגן, ביז צילקע נעמט ווידער זינגען. פון דעם אָפּענעם פענסטער גיסן זיך טענער:

רייזקע גייט שפּאַצירן—
אסתר גייט מיט איר,
ביזטו אַ שיין מיידל—
אַזאַ יאָר אויף מיר...

די מומע ניכע גייט אַרום צווישן די ביימער און פאַררייבט די שטריק, אויף וועלכע די וועש טרוקנט זיך.

זינגט צילקע, קוקט דאַן די מומע ניכע צו דער שטוב צו און שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

צי זי איז בייז—די מומע ניכע, צי זי האָט אַ שווער פאַר-זאָגעניש, זי זיפצט.

אייגנאַרטיק איז זי דאָ אויסגעוואַקסן, די צילקע, אין וואַלד. צווישן שווייגנדיקע און איינזאַמע מענטשן. די מומע ניכע הייסט בלויז אַזוי. זי איז איר נישט קיין מומע. נאָר אַ ווייטע קרובה, וועלכע צילקעס טאַטע האָט צוגענומען צו זיך אין שטוב, זי זאָל זיך פאַרנעמען מיט דער יתומה. צילקעס מאַמע איז געשטאָרבן, ווען צילקע איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע. די מומע איז גע-ווען אַ דינסט, אַ בעל-הביתטע ביי זיך

ניכע איז געווען אַן אלמנה, אָן קינדער, אָן אַ היים. איין טרייסט האָט זי געהאַט. צילקע איז געוואָרן איר גאַנץ לעבן און

זי האָט פיל געליטן, ווען ציילקען האָט מען אַוועקגעפירט קיין גראָדנע לערנען. דעמלט איז איר פאַרבליבן איין זאַך: דער טייטש-חומש. שבת, ווען אין וואַלד איז שטיל געווען, פלעגט זי זיך אָנטאָן איר שאַל אויף די אַקסלען, עס האָט געמעגט זיין ווי הייס. דעם טערקישן שאַל האָט זי געמוזט אָנטאָן און דעם טייטש-חומש פלעגט זי אויפעפענען און לייענען ביז פינסטער. זיצן אַזויביים פענסטער און לייענען, און אַז זי פלעגט אָנטרעפן אויף אַזאַ מעשה פון רחל-לאה, פלעגט זי גיסן טרערן און דער וואַלד האָט צוגעזינגען...

איסר, דער וואַלד משרת, איז געווען אַ שווייגנדיקער ייד, ער האָט זייער ליב געהאַט זיין פאַרשטאָרבן ווייב און עס האָט אויסגעדוכט, אַז ער גייט אַרום מיט אַ שטילן כעס אויף גאָט: פאַרוואָס האָט ער זי צוגענומען. אַזאַ שטילער ייד איז איסר, קאָן אַביסל תורה און אָרנטלעך איז ער: מיליאָנען קאָנט איר אים אָנפאַרטרויען...

דוכט זיך, אַז ער האָט געטראַכט ביי זיך, אַז גאָט איז גישט אַלעמאָל גערעכט.

איבער די וועלדער איז איסר אַרומגעפאָרן, אַ ברודנעם ביכל האָט ער געהאַלטן אין דער קעשענע און אין דעם דאָזיקן ביכל פלעגט ער פאַרנאָטירן גרויסע חשבונות פון די לוריעס, די וואַלד-סוחרים, אין גראָדנע האָבן זיי דאָרט געהאַט, די לוריעס, אַ גרויס קאַנטאָר מיט אַ סך משרתים, מיט בוכהאַלטאָרן... אָבער ער, איסר, פלעגט עס מאַכן גאַנץ פשוט—אין זיין קעשענע-ביכל איז געלעגן זיין גאַנצע קאַנצעלאַריע...

און געשעפטן זענען געווען גרויסע, ריזיקע. מען האָט גע-פירט קיין אויסלאַנד. דייטשן פלעגן אַראָפפאָרן אין די דאָזיקע וועלדער און דער שווייגנדיקער ייד פלעגט זיי אַלץ דערקלערן מיט אַ צובראָכענעם דייטש.

נאָר עס האָט אַלעמען אויסגעדוכט, אַז איסר האָט זיך זיין מחשבה און די אַלע געשעפטן,—די לוריעס מיט די דייטשן—דאָס איז אַלץ אַ נעבן-זאַך.

שבת פלעגט ער אַריינקוקן אין אַ ספר אָדער אַרומשפּאַצירן

אין וואַלד. — ווען צילקע איז געווען אינדערהיים פֿלעגט ער דעם וואַלד נישט אַזוי אָפֿט פֿאַרלאָזן, נאָר בעת צילקע איז איינמאָל אַוועקגעפֿאָרן קיין גראָדנע, איז יענע טעג פֿלעגט ער אַוועק קיין מסטיבאָווע אָדער קיין פּרודנע צום אַרענדאַר שמואל און דאָרטן האַלטן שבת. ניכע פֿלעגט בלייבן אַליין אין וואַלד, אַליין מיטן טייטש-חומש. זי פֿלעגט זיך פֿילן זייער איינזאַם, נאָר אָפֿט פֿלעגט טרעפֿן, זי פֿלעגט אויפֿהייבן די אויגן פֿון טייטש-חומש און אַריינקוקן אין וואַלד, אין דער גרינקייט אַריין און איהר נשמה, האָט אויסגעדוכט, זינגט אויך, ווייל גאָט האָט שבת גע-האַלטן אין וואַלד... יעדער בייג פֿון אַ צווייגל, יעדער שאָרך פֿון אַ גרעזל איז הייליק געווען. אין שטראַלן איז געווען איינגע-פֿלאָכטן דער וואַלד, אין הייליקע קלאַנגען פֿאַרוויגט.

עס איז געווען נאָך אַ מענטש, אַ נאָנטער, מיט וועלכן ציל-קע פֿלעגט זיך יעדן טאָג באַגעגענען, — שלמה פֿון גוראַלניע, ער האָט אין מסטיבאָווע געהאַט אַ גרויסע פֿאַמיליע מיט אַ קראַנק ווייב, שטענדיק איז זי גרין געווען און שטענדיק געהאַלטן אין שטאַרבן, נאָר געשטאָרבן איז זי נישט און יעדעס יאָר געבוירן אַ קינד. שלמה האָט געהאַט אינדערהיים אַ סך צרות. אין וואַלד האָט ער געאַרבעט און געשוויגן.

צילקע פֿלעגט דורך אים שטענדיק עפּעס באַזאָרגן אין שטאָט. נאָר (אַ־ברענגען, רעדן מיט וועמען האָט זי נישט געהאַט. בלויז מיט דער מומע ניכען פֿלעגט זי רעדן און פֿאַרטרויען אַמאָל אי-רע געדאַנקען. די מומע ניכע פֿלעגט אויסהאַלטן אַלע אירע קאַפּריזן.

און גאָט האָט זי געבעטן, אַז ער זאָל אָפּהיטן די יתומה.

אין וואַלד, אַביסל ווייטער, האָבן אויך געלעבט עטלעכע קריסטלעכע פֿאַמיליעס: אַ שאָסיי-שומר און אַ וואַלד-שומר. פֿלעגן אַוועקגיין חדשים און קיין אַנדערע מענטשן האָט מען דאָ נישט געזען און נישט געהערט.

דאָס טייכל האָט בלויז גערוישט און דער וואַלד האָט פֿון באַגינען ביז ביינאַכט געזונגען און געשריגן:

„קוקו“ „קוקו“ „דזשיו“ „דזשיו“ „קראַ“.

צילקע האָט אַלע טענער פון וואַלד געוווּסט. אין דעם ציטער פון דיביימער פלעגט זי שוין דערקאָנען, ווען עס באַדאַרף אָנקומען אַ שטורם... און ליב האָט זי געהאַט אין אַזאַ מאָמענט, בעת איבערן וואַלד האָט געדונערט... ליב האָט זי געהאַט זיך אַוועקצושטעלן אונטער די ביימער און אויסהערן אַלע קלעפּ פון הימל,—ציטערן, מורא האָבן און נישט אַוועקגיין... די מומע ניכע פלעגט פון חדר רופן צילקען און יענע פלעגט ענטפערן מיט אַ געלעכטער.

און אויסדוכטן פלעגט דאָן, אַז זי לאַכט מיט דעם וואַלד אינאיינעם: זאָל זיך דונערן—דער וואַלד וועט בלייבן, די וועלט וועט בלייבן.

איסר האָט ליב געהאַט זיין טאָכטער, נאָר זי אַליין האָט עס ערשט שפּעטער פאַרשטאַנען. בעת זי איז נאָך יונגער געווען האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין—אַ טאַטע זאָל אַזוי שווייגן צו זיין קינד, אַן'איינאיינציק קינד האָט ער, אַ בת-יחידה, און טעג פלעגן אַוועקגיין,—ער האָט אַ וואָרט צו איר נישט אַרויסגערעדט. נאָר שפּעטער האָט זי דערזען, אַז דער טאַטע שווייגט צו אַלעמען, אַפילו מיט דעם אַלטן לוריע, מיט זיין בעל-הבית רעדט ער אויך ווייניק: בלויז וועגן די געשעפטן...

און זי האָט זיך אויף דעם באַרואיקט, שווייגט ער, דער טאַטע—זאָל ער שווייגן. דער וואַלד שווייגט דאָך אויך, די ביימער, די נאַכט, די ווינטער-טעג. זי האָט געהאַט אַ סך שווייגעניש אַרום זיך.

עפּעס ווי אַ ווייטער אומפאַרשטענדלעכער עכאָ פלעגט פאַר איר אָפּהילכן די איבעריקע גרויסע וועלט: גראָדנע מיט די לוריעס, אַנדערע שטעט און אַנדערע מענטשן.

און בלויז אין געציילטע רגע'ס האָט זי געטראַכט פון דעם, פון יענעם לעבן, וואָס גייט דאָרטן... דאָרטן נאָך די וועלדער. זי פלעגט עס לאָזן פאַר דעם טייכל, עס זאָל לויפן און גריסן די גאַנצע וועלט. זי פלעגט אַרומשפּרינגען אין וואַלד און מיט אירע ליכטיקע אויגן האָט זי געשעפּט אין זיך זיין אייביקע אריגקייט, זיין אייביקע יוגנט.

די לוריעס האָבן אין גראָדנע געשפּילט די גרעסטע ראָל. וועגן זייער רייכקייט האָט מען דערציילט נסים, די קינדער זייע־רע האָבן זיך געלערנט אין אויסלאַנד און בלויז אויף זומער פלעגן זיי אַראָפּקומען אויף אַ קורצער צייט קיין ליטע. אַמאָל פלעגט טרעפן, אַז די גאַנצע פאַמיליע פלעגט קומען פון גראָדנע אין וואַלד מיט דינסטן, מיט קרובים און דאַן האָט עס געטומלט אין דעם שטענדיק רואיקן וואַלד. די צוגעמאַכטע צווייַ הייזער פלעגט מען עפענען און דאָרט פלעגן עס לעבן די רייכע בעל־הבתים. צוויי מאָל אַ טאָג פלעגט די ליניקע לויפן אין שטאָט אַריין און ברענגען פון דאָרט די בעסטע שפּייזן, ווייבער, זיס־קייטן.

יחסנים זענען זיי געווען, נאָר גוטמוטיקע מענטשן, נישט קיין שטאָלצע גבירים, זיי האָבן געטיילט נדבות און אויסגעהאַלטן צדקה־הייזער.

און אַז זיי פלעגן אַראָפּקומען אין וואַלד אַריין, פלעגט די מומע ניכע זיי נאָכגיין מיט טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט.

אַזעלכע יחסנים, אַזאַ רייכקייט,

אין מסטיבאָווע פלעגט זי איינקויפן שפּייז און אַלעמען דאָרט דערציילן:

—די לוריעס, די לוריעס זענען דאָ אין וואַלד.

און פון מסטיבאָווע פלעגן זיך שוין אַריינגנבענען יונגע־לייטלעך, און אַפילו בעל־הבתים פלעגן קומען אין וואַלד אַריין: „אַ קוק טאָן אויף די לוריעס".

די גאַנצע געגנט האָט געקלונגען מיט די גראָדנער גבירים. כבוד האָט מען זיי אָפּגעגעבן, אַזוי ווי עס קומט זיי.

אין וואַלד פלעגן זיי קומען רוען און פאַרברענגען.

מיט דער קליינער צילקע פלעגן זיך אַלע שפּילן. זי האָט טאַקע דעמלט אויסגעזען ווי אַ וואַלד־פייע. די האָר אירע האָבן זיך געקרויזט, אירע איצטיקע גרוילעכע אויגן זענען דעמלט בלאָ געווען. אַזאַ בלויקייט פאַרבלייבט נישט ביי דערוואַקסענע,—בלויז קינדער און מלאכים האָבן אַזאַ פאַרב אין די אויגן...

צילקע האָט געוווּסט אַלע ווינקעלעך פון וואַלד און ד

פלעגט עס אַרומפירן לוריעס קינדער: צום טייכל, צו דער גו־ראַלניע, צום שאָסיי...

זי פלעגט גיין די ערשטע, די קינדער נאָך איר. די שטאָטישע קינדער האָבן זיך מורא געהאַט פאַרן וואַלד, מורא געהאַט צו בלייבן אַליין און צילקע איז דאָ געווען ביי זיך אינדערהיים.

אַ באָרוועסע, מיט לאַכנדיקע אויגן פלעגט זי אַרומשפרינגען אין די זומער־טעג און זיך שפילן מיט לוריעס קינדער. די טעג זענען פאַר איר געווען אַ יום־טוב. אפילו דער טאַטע פלעגט אויפלעבן בעת לוריעס פאַמיליע האָט אין וואַלד געלעבט. ער האָט גענומען מער רעדן און מער זיצן אינדערהיים.

די מומע ניכע פלעגט אָפט זיין אומצופרידן: ערשטענס — פלעגט מען ביי איר צונעמען די יתומה, צווייטנס — פלעגן די לוריעס אויף איר קוקן, ווי אויף אַן אמתער דינסט. און זי האָט פון דעם געליטן.

נאָר לוריעס קינדער זענען עלטער געוואָרן, זיי זענען געפאָרן ערגעץ אין אויסלאַנד און אין וואַלד פלעגט בלויז זעלטן אַרויסקומען דער אַלטער לוריע: אַ רונדער מיט אַ קורץ בערדל, מיט אַ גאָלדענער קייט און זייגער. ער פלעגט צונעמען איסרן אויף עטלעכע טעג: ערגעץ אַרומפאָרן מיט אים אין די שכנישע וועלדער, מעסטן און רעכענען און פאַרשרייבן אַלץ אין ביכעלע.

ערגעץ נאָענט־ווייט האָט מען אויסגעהאַקט אַ גרויסן וואַלד. אין אַ שטילן טאָג, ווען דער ווינט פלעגט נישט שטערן, האָט מען גאַנץ געגוי געהערט, ווי די העק האָבן געאַרבעט, ווי די ביימער האָבן געקרעכצט ביי זייער גסיסה...

דערנאָך, צו הערבסט־צייט נאָך, אין די טרוקענע טעג, פלעגן אַ סך פויערישע פורלעך לויפן ערגעץ אין דער פאַרטיפעניש פון וואַלד, און צוריק פלעגן זיי פאָרן לאַנגזאַם מיט לאַנגע, לאַנגע מתים, מיט ביימער...

און ניכע איז געזעסן ביים טייכל און געוואַשן. שטענדיק פלעגט זי וואַשן גרעט — די פרומע ניכע. צילקע פלעגט אין אַזעלבע טעג לויפן קיין מסטיבאָווע.

און געדענקט האָט צילקע פון די יונגע יאָרן, פון די קינדהייטס-טעג אַ קליין ייִנגעלע, וואָס פלעגט קומען צו זיי אין וואַלד מיט דער גאַנצער פאַמיליע לוריע, ער איז געווען דער געליבטסטער, דער געקעכלטער...

סאַשע—האָט ער געהייסן, נאָר טאַטע-מאַמע און אַלע קרובים פלעגן אים פאַרקלענערן דעם נאָמען זייגעם: סאַשקע, סאַש, סאַ-שענקע, אַזוי פלעגן זיי אים רופן. און געהאַט האָבן די קינדער אַ סך שפּילצייגן: וואַגאַנטשיקעס, לאָקאָמאָטיוון, פּילקעס און אָנגע-שטאָפּטע פערדלעך, בערעלעך—אַ גאַנצן חיה-גאָרטן.

אַליין האָט ער אויך אויסגעזען ווי אַ בערעלע: אַ דיקנקער, אַ פּולנקער, פלעגט ער זיך שאָקלען אויף זיינע צוויי פיסלעך; אַ קאַפּריזנער, נאָר נישט קיין שלעכטער. מיט צילקען האָט ער געלעבט זייער גוט, נאָר איינמאָל בעת זי האָט נישט געוואָלט זיין קיין פערדל, האָט ער זי אָנגעכאַפּט פאַר די האָר און גע-נומען רייסן... דאָס איז געווען אַ ווילדער איינפאַל, ער האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר דעם, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן און עס איז שוין געווען צו שפּעט,—צילקע האָט גענומען שרייען אויפן גאַנצן וואַלד אַזוי, אַז אַלע זענען זיך צונויפגעלאָפן פון אַלע זייטן און סאַשען האָט מען גוט באַשטראָפט דערפאַר.

דערנאָך האָבן זיי ווידער גוט געלעבט ביזן שפּעטן זומער, ביז די פייגעלעך זענען אַוועק אין אַנדערע לענדער און דער וואַלד איז עפּעס שטילער געוואָרן, ערנסטער.

דערנאָך איז אַוועק אַ יאָר—און אַ זומער איז אַוועק. די לוריעס זענען אין דעם יאָר נישט געקומען אין וואַלד. זיי זענען געווען אין אויסלאַנד. דערפאַר אויפן צווייטן זומער איז געווען זייער פריילעך אין וואַלד, סאַשע איז שוין געווען אַ שילער, ער האָט געטראָגן אַ היטל מיט ווייסע זייטלעך און מיט אַ קאָקאַרדע.

אויף דער קאָקאַרדע זענען געווען „גענן", און סאַשע האָט פאַר צילקען דערקלערט וואָס די צוויי „גענן" באַדייטן:

„גראָדניענסקאַיאַ גימנאַזיאַ".

זי האָט אַזעלכע זאַכן נישט פאַרשטאַנען. ווי אַן עכאָ פון אַ טיפן תהום קלינגט אָפּ פאַר איר יעדעס וואָרט וועגן יענעס

וייטן לעבן אין די שטעט.

ער איז שוין געווען אַ שילער—סאַשע, אַ גימנאַזיסט, לאַנגע הייזלעך האָט ער געטראָגן מיט אַ קליין מאַרינאַרקעלע, מיט גלאַנ-ציקע קנעפּ... ער איז דאַן געווען אַזאַ שיין רונד ייִנגעלע, ער האָט אויסגעזען, ווי אַ „גענעראַלסקי סינאָק".

אַזוי פלעגט אים דער טאַטע זיינער, דער בעל-הבית לוריע, רופן. דער אַלטער לוריע פלעגט פון יאָר צו יאָר דיקער ווערן און ער פלעגט אָנטאָן אַלץ אַ גרעסערע און אַ ברייטערע גאָלדע-נע קייט.

שפּעטער זענען אַוועק עטלעכע יאָר און צילקע פלעגט פון סאַשען בלויז הערן פון דערווייטנס. ביי זיי אין שטוב איז גע-ווען אַ לערער, זי האָט זיך געלערנט לעזן און שרייבן און פּוש-קינס מעשה מיטן גאָלדענעם פישעלע, האָט זי שוין געקאָנט אינ-גאַנצן אויסנווייניק...

דער לערער איז געווען אַ בחור פון אַ יאָר פינף און צוואַנ-ציק, ער האָט נאָך אַליין געלערנט: גאַנצע טעג פלעגט ער אָפּ-זיצן איבער ביכער און לערנען און איינמאָל אין יאָר פלעגט ער לויפן אין שטאָט אָפּגעבן „עקזאַמענס". גערעדט האָט ער שטענ-דיק, אַז ער פאָרט קיין פּעטערבורג און דאָרט וועט ער ווערן אַ סטודענט...

נאָר דער דאָזיקער לערער איז פון זיי אינגיכן אַוועק נישט קיין פּעטערבורג. ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ מסטיבאָוווער „מויד", וואָס האָט געהאַט אַביסל נדן און דערצו האָט אים נאָך דער שווער געגעבן „קעסט". אַזוי איז צילקע געבליבן אָן אַ לע-רער און געווען איז דאָס אינמיטן זומער, אַליין אין גרויסן וואַלד מיט דער מומע ניכע, אַליין מיטן רויש פון דיביימער, מיט דעם סודות-לשון פון טייכל.

דער טאַטע איז אַלץ שווייגנדיקער געוואָרן.

אַמאָל פלעגט צילקען באַפאַלן אַ פחד, אַ גוואַלדיקע איינ-זאַמקייט, און זי פלעגט אַנטלויפן קיין מסטיבאָווע צו באַקאַנטע.

אינגאַנצן דריטהאַלבן ווייאָרסט פון וואַלד. זי פלעגט גיין צו פוס, זי האָט דאָרטן געהאַט ווייטע קרובים. נאָר געווען איז

זי אַ שרעקנדיקע און אַ שעמעוודיקע. דער איבערגאַנג פון וואַלד אין אַזאַ טומלדיק שטעטעלע מסטיבאָווע, וועלכעס האָט געהאַט הונדערט און פופציק איינוווינער פלעגט צילקען איבערראַשן, צוטומלען.

יעדער מענטש האָט אַן אַנדער פּנים. יעדער מענטש רעדט אַנדערש און קוקט אַנדערש און זי איז איינגעוויינט בלויז צום טאַטן, צו ניכען, צום לערער און צו נאָך עטלעכע מענטשן... און צו די גאָלד-מעשענע סאָסנעס איז זי צוגעבונדן.

ווען זי פלעגט דערזען אַ נייעם מענטש, פלעגט זי מאָדנע אַ ציטער טאָן, ווי אַ וועווריק; ווען זי פלעגט הערן אַ ניי קול פלעגט זי אָנשטעלן אויגן און אויערן; אַ ניי בגד, אַ נייער הויז-חפץ, וואָס זי האָט ביי זיך אין וואַלד נישט געזען—אַלץ פלעגט צילקען איבערראַשן.

אָפטמאָל, אין מער גוטמוטיקע רגע׳ס פלעגט זי יעדע זאַך אויפן קול באַוווּנדערן. פלעגט מען פון איר לאַכן:

— קאָזקע!

—וואַלד-באַשעפעניש!

אַזוי פלעגט מען זי רופן. זי פלעגט זיך פאַרשעמען און לויפן צוריק אין וואַלד, צו דער מומע ניכע.

און געווען איז זי שוין דאַן אַ מיידל פון פערצן יאָר, אַ הויכע, מיט לייכטע טריט...

איינמאָל, בעת זי איז אין אַזאַ פאַרנאַכט געקומען צוריק פון מסטיבאָווע, איז דער טאַטע איר אַנטקייגן אַרויס. זיינע אויגן האָבן עפּעס ליכטיק אַ שטראַל געטאָן און באַלד האָט ער זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

וואָס איז געשען? צילקע האָט זיך דערשראָקן. דער טאַטע... אַ גרויסער ייד מיט אַ טונקעלער באָרד... דער טאַטע, אַזאַ שוויי-גנדיקער שטענדיק, האָט פּלוצלונג גענומען, וויינען, ווי ניכע די מומע.

וואָס איז געשען?

איין וואָרט האָט צילקע פון אים געהערט:—פונקט ווי די מאַמע דיינע האָסטו איצטער אויסגעזען. און ער האָט זי אַזוי לאַנג, אַזוי וואַרעם געגלעט איבערן קאָפּ.

אין דערדאָזיקער נאַכט איז צילקע נישט געשלאָפן, זי האָט געטראַכט פון דער געשטאָרבענער מאַמען און פון אַלע געשטאָר-בענע מענטשן.

פאַרוואָס שטאַרבט מען? און וואָס איז מיט די טויטע?

אין מסטיבאָווע איז פאַראַן אַ בית-עולם מיט אַ סך מצבות — זי האָט עס געזען פון וויטן... וואָס טוען זיי די טויטע? פאַר-וואָס האָט מען זיי אַרויפגעלייגט אַזעלכע שווערע שטיינער אויף די קברים?

און אויף יענעם בית-עולם אין מסטיבאָווע ליגט אויך באַ-גראָבן איר מאַמע, וועלכע זי האָט קיינמאָל נישט געזען.

געשטאָרבן... און נישטאָ מער אויף דער וועלט.

נישטאָ מער אין וואַלד! צילקע האָט אַ שטאַרקן רחמנות געהאַט אויף דער מאַמען און אויף אַלע געשטאָרבענע.

די מומע ניכע דערציילט, אַז אַלע געשטאָרבענע וועלן אַמאָל לעבעדיק ווערן. זי האָט באַשלאָסן ביי דער מומען אַ סך זאַכן צו פרעגן.

זי באַדאַרף נאָך צו דער מומען איין שמייכל טאָן און יע-נע דערציילט אַלץ. נאָר איגרערפרי איז די מומע ניכע אַוועקגעפאָרן קיין גראָדנע.

געפאָרן איז זי פאַרריכטן איר שייטל, יעדע פאָר יאָר פלעגט זי פאָרן אין שטאָט אַריין פאַרריכטן דאָס שייטל. דאָס איז געווען פאַר דער מומען עפּעס אַ גוואַלדיק געשעעניש, פון וועלכן זי פלעגט אַ לאַנגע צייט דערנאָך רעדן.

און צילקע האָט דערווייל אין וואַלד פאַרגעסן אַלע פראַגן, וואָס זי האָט געהאַט צו דער מומע ניכע.

נישט אַלע מאָל איז זי, אָבער, אַזוי אומעטיק געווען. עס פלעגן אַוועקגיין וואָכן, חדשים און גאַנצע זומערן, זי פלעגט לעבן מיטן וואַלד און נאָר אין וואַלד.

דאָרטן זענען דאָך געווען דעם שאָסיי-וועכטערס קינדער. יענער האָט געהאָדעוועט גענדז און די גענדז פלעגן זיך אַ גאַנצן טאָג פּאַשען אויף אַ שטיקל פרייען וואַלד ביים טייכל.

די קינדער פלעגן שטיפן און קוויטשען. צילקע מיט זיי,

באַמש זי איז שוין געווען אַזאַ גרויסע, זי פלעגט לייענען ביכ-
לעך און דערציילן דאָס פאַר די קינדער.

די מומע ניכע האָט פון דעם געליטן: „דאָס קינד" וואַקסט
צווישן פרעמדע, אין איינזאַמקייט.

פלעגט איסר שטענדיק ענטפערן:

—מען דאַרף זי אַרויסשיקן קיין גראָדנע. זאָל זי דאָרטן
לערנען, די לוריעס וועלן אויף איר אַכטונג געבן.

פון דידאַקיקע ווערטער פלעגט ניכע נאָכמער ליידן, זי
האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט צילקען.

סוף כל סוף איז דאָך באַשלאָסן געוואָרן צילקען אַוועקצו-
שיקן אין שטאָט אַריין. איסר האָט געוואַרט ביז צום סוף זומער.

צילקע האָט עס שוין געוווסט, זי האָט זיך געגרייט אין
וועג אַריין און האָט זיך אַביסל געשראָקן...

—ווערסט פאָרן אין שטאָט אַריין...—פלעגט דער טאַטע אָפט
איבעררייסן זיין שווייגן.

—ווערסט ווערן אַ פריילין. אַ געבילדעטע פריילין,—פלעגט
צוגעבן מיט טרייסט און מיט קלעמעניש די מומע ניכע

צילקע פלעגט פון די אַלע ווערטער זיך איינציען, דער
קאָפּ אירער פלעגט זיך אַראָפּלאָזן און זי פלעגט דאַן אויסזען,
ווי אַ בלימל, וואָס איז צו שטאַרק דורכגעברענט געוואָרן פון
דער זון און עס פאַרבייגט שוין דאָס קעפּל.

דערנאָך האָט מען צילקען אַוועקגעפירט קיין גראָדנע. די
לוריעס האָבן זי צוגענומען צו זיך.

—זי וועט דאָ ווערן אַ מענטש!—אַזוי האָבן זיי געטרייסט
דעם שווייגנדיקן איסר, בעת ער האָט זיך שטיל געקלאָגט, אַז
אין וואַלד וועט אָן איר זיין אומעטיק.

און צילקע האָט גענומען בענקען. יעדע רגע פלעגט איר
פאַר די אויגן קומען די מומע ניכע מיט פאַרוויינטע אויגן

—מיין טייבעלע, אויף וועמען לאָזטו מיך דאָ, אויף דער
פינסטערניש?—דאָס זענען געווען די ווערטער, מיט וועלכע די מו-
מע ניכע האָט זיך מיט צילקען געזעגנט פאַר איר אַוועקפאָרן.

צילקע האָט געזען, ווי די מומע איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער

פור און כסדר געווישט די אויגן, דעם לעצטן קוק האָט זי דאַן געטון אויף דער מומען, בעת יענע האָט זיך אָנגעשפּאַרט לעם אַ בוים און געבליפּעט און אַרום זענען געשטאַנען אַ סך, אַ סך ביימער, אַלע שווייגנדיקע; אומעטיק און יום-טובדיק האָבן אויס-געזען די ביימער. אויף עטלעכע פון זיי האָבן זיך זילבערנע פאַסן זון אַרומגעוויקלט, אַזעלכע ליכטיקע און דאָך טרויעריקע שטראַלן.

זיי האָבן געפלעקט די גרינע צווייגן, די עלנדע שאָטנס פון וואַלד.

מיט איר איז געזעסן דער טאַטע און האָט, ווי אַלעמאָל, געשוויגן.

צילקע האָט דאַן נאָכאַמאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ, האָט זי שוין דער מומען נישט געזען, נאָר אַ שטיק דאַך פון זייער הויז האָט אַרויסגעקוקט דורך די ביימער און דאָס איז אויך באַלד פאַרשוווּנדן געוואָרן.

עס האָבן גענומען שוועבן נייע אומבאַקאַנטע לאַנדשאַפטן.

דער שאָסיי מיט ווייסע שטיינער, מיט ציפער... און דאָ און דאָרט האָבן זיך געזען איינזאַמע ביימער אויף די שטיקער פעלדער און צילקען האָט יעדער איינזאַמער בוים דערמאָנט איר טאַטן דעם שווייגנדיקן.

די פור איז געפאָרן לאַנגזאַם, נאָר באַרג אַראָפּ פון שאָסיי, פלעגט זיך דאָס פערדל פונאַנדעריאָגן און אין אַזעלכע רגע׳ס האָט זיך צילקע געוואָלט אָנכאַפּן דעם טאַטן פאַרן אָרעם און אים בעטן, ער זאָל פאָרן צוריק אין וואַלד, צו דער מומען...

זי האָט שטאַרק רחמנות געהאַט אויף דער מומען. ווי וועט זי טאַקע אויסקומען אָן צילקען? איינע אַליין איז זי דאָרט פאַר-בליבן.

זיי זענען אַ סך דערפלעך פאַרבייגעפאָרן. אַ סך הייזלעך האָט צילקע געזען אין וועג, נאָר אָט זעט זי, אַז פון ווייטן קוקן אַרויס שפּיצן פון גרויסע קוימענס, שפּיצן פון קלויסטערס און וואָס נענטער זי פאָרט צו, אַלץ מער דעכער זעט זי.

— דאָס איז די שטאָט? — פרעגט זי ביים טאַטן.

—יאָ!—ענטפערט דער וואַלד-משרת איסר, פונקט ווי ער וואָלט זיך איצטער דערמאָנט מיט וועמען און צו וואָס ער פאָרט דאָ. ער הייבט שווייגנדיק אויף די האַנט און גלעט צילקען. פלוצלונג דערשפירט ער, אַז די פינגער, אַז זיינע פינגער באַנעצן זיך...

צילקע האָט געוויינט, פאַרוואָס? ער האָט יאָ פאַרשטאַנען און נישט פאַרשטאַנען, נאָר אונטער זיין מאַנטל האָט עפּעס אַזוי שטאַרק גענומען דריקן. עס האָט זיך אים אויך געוואָלט וויינען.

נאָר צילקע איז באַלד שטיל געוואָרן, די טרערן זענען גלייך פאַרשוואונדן געוואָרן. זי האָט זיך דערפילט, ווי אַ געפּאַנ-גענער וועוועריק, און דאָס חיהלע, בעת מען כאַפּט עס אין שטייגל אַריין, וויינט עס נישט, נאָר ס'איז בייז און אומעטיק. צילקע איז אויך אַזוי געפאַנגען.

שפּעטער, אין שטאָט, האָט צילקע גענומען מורא האָבן, צי-טערן פאַר יעדער זאַך. פונקט, ווי מען וואָלט געבראַכט אַ סער-נע פון וואַלד און זי שפּרינגט אויף ביי יעדן צו הויכן קלאַפּ, אָדער פייף.

זי האָט מורא געהאַט צו שפּרינגען אויף דער גלאַטער פּראַטירטער פּאָדלאָגע ביי די לוריעס. זי האָט מורא צו עסן פון די כּלים. אַלץ האָט דאָ אַזוי געלויכטן און געשיינט. אויף יעדן טריט — ליכט און גלאַנץ, בילדער און טעפּיכער, מען איז צו איר געווען זייער גוט. די לוריעס זענען געווען גוטהערציק און דער-צו איז נאָך צילקע אַ יתומה.

און פאַר פרעמדע פלעגט מען איר טאַקע אַזוי אָנרופן:

—אַ יתומה פון וואַלד...

—אַ שיין מיידל,—פלעגט עמיצער זאָגן.

—נאָך גאָר אַ קאָזקעלע, — פלעגט דער אַלטער לוריע צוגעבן. ער האָט ליב געהאַט צו שפּאַסן.

און די יתומה פון וואַלד, דאָס קאָזקעלע, האָט לאַנג פאַר אַלץ מורא געהאַט, זי האָט שטענדיק זיך באַהאַלטן, האָט געוואָלט זיין אין שאָטן און די לוריעס האָבן געוואָלט פאַרקערט: מענטשן זאָלן זען פאַר אַ גוטע זיי זענען, זיי פלעגן איר מיטנעמען אין געסט, פלעגן זי פירן אומעטום.

איינמאָל האָט זי דערהערט אַ געוואַלדיקן פייף, זי האָט זיך אַזוי דערשראָקן דעמלט, זי האָט געוואָלט נעמען לויפן.

—קאָזקעלע, דאָס פייפט דאָך די באַן, דער לאָקאָמאָטיוו.

פון באַן האָט שוין צילקע אַ סך מאָל געהערט, נאָר זי האָט עס נאָך קיינמאָל נישט געזען. דאַן ווען זי האָט דערהערט דעם פייף, איז זי געווען מיט די לוריעס ביי זייערע קרובים, אויך אַזעלכע רײַכע און חשובע. געלעבט האָבן די קרובים נישט ווייט פון וואָקזאַל און די צוגן האָבן כסדר גערוישט און געפייפט. מען האָט צילקען צוגעפירט צום פענסטער און געוויזן אַ סך רויטע און טונקעלע וואַגאָנעס.

—און יענע, די שוואַרצע, וואָס שטייען און בלאָזן פון זיך מיט פּאַרע, דאָס זענען די לאָקאָמאָטיוון,—האָט מען איר דערקלערט.

זי האָט געגלאָצט אויף אַלץ מיט מורא אין די אויגן און געוואָלט האָט זי זיך באַהאַלטן, נאָר זי האָט דאָך געזען, ווי די איבעריקע קינדער מיט סאַשען זענען רואיק, פלעגט זי זיך אויך באַרואיקן.

נאָר אומעטיק איז זי געווען. שוין צוויי מאָל איז געקומען פון וואַלד דער טאַטע, געבראַכט אירע קליידלעך, וואָס ניבע האָט פאַרריכט און אויסגעוואַשן—און יעדעס מאָל האָט דער טאַטע איבערגעלאָזט די זעלבע פראַגע, דעם זעלבן אָנזאָג:

—ווען דו וואָלסט וויסן, ווי די מומע ניבע בענקט נאָך דיר...—צילקען פלעגט דאַן נעמען שוועבן דער וואַלד פאַר די אויגן מיטן טייכל, מיט דעם שאָסיי-וועכטערס קינדער. זי האָט שוין עטלעכע מאָל געטראַכט צו אַנטלויפן פון דאַנעט, אַרויסלויפן בגנבה און לויפן, לויפן ביז זי וועט קומען צוריק אַהין. נאָר זי האָט מורא געהאַט אַליין אַ טריט צו שטעלן. דאָרטן אין וואַלד איז זי אַזאַ דרייסטע געווען,—אינמיטן נאַכט פלעגט זי קיין מאָטיבאָווע גיין—און דאָ פאַלט אָן אויף איר אַזאַ פחד.

שווייגנדיק איז זי געוואָרן דאָ ביי די לוריעס. יענע זאָגן אויף איר, אַז זי איז געראָטן אינגאַנצן אין שווייגנדיקן טאַטן.

אַפילו מיט סאַשען, מיט וועלכן זי פלעגט זיך פריער אין וואַלד אַזוי פריילעך שפּילן, מיט סאַשען האָט זי אויך געשוויגן.

יענער איז איצט געווען שוין אַ גאַנצער מענטש, האָט געהאַט זיינע אייגענע וויכטיקע ענינים. ער האָט אָנגעקליבן אַ גרויסע קאָלעקציע מאַרקעס און גאַנצע טעג זיי געקלעפּט און איבערגע-קלעפּט אין מאַרקע-אַלבאָם. אויסער דעם פלעגן צו אים קומען זיינע חברים, אויך אַזעלכע גימנאַזיסטן, מיט וועלכע ער פלעגט שטיפן און נאָכמאַכן די לערער.

צילקען האָט ער נישט פאַרגעסן, נאָר ער האָט זי איצט נישט געקאָנט צוביינדן צו זיך. אַמאָל, אַז דער שטיפער פלעגט זיין גוט געשטימט, פלעגט ער זיך נעמען רייצן מיט איר. ער האָט אונ-טערגעכאַפּט דאָס וואָרט „קאָזקע" פון טאַטן און פלעגט עס פון מויל נישט אַרויסלאָזן:

—נו, קאָזקע, גיב אַ לאַך!

—גיב אַ שפּרונג, קאָזקע!

און אָט-אָט, ביי דער יתומה פון וואַלד נעמט עפּעס שמייכ-לען צווישן די ליפּן, באַלד וועט זי עפענען איר מיילעכל און ענטפערן פריילעך, נאָר פון די אייגלעך קוקט אַראָפּ אַ לייכטע בייזקייט און פאַרשליסט די ליפּן און פאַרטרייבט דעם האַלבן שמייכל.

ביי אַלעמען איז געבליבן, אַז זי וועט זיך אויסלייטערן. זי איז דאָך אַ „דזשיקע", זי קומט פון וואַלד. עס וועט געדויערן און זי וועט ווערן אַ מענטש מיט אַלע מענטשן גלייך. מען האָט זי אָנגעטאָן אין אַנדערע קליידלעך.

דער לערער, וואָס האָט געלערנט מיט לוריעס קינדער, האָט אויך מיט איר געלערנט.

דאָך, וואָס מער מען האָט זי געליבט ביי די לוריעס, אַלץ מער שווייגנדיק איז זי געוואָרן און מער שרעקעדיק. אין די פאַרנאַכטן פלעגט זי זיך פאַרבלייבן אין אַ ווינקל, פון אַלעמען זיך אויסבאַהאַלטן און וויפל דו זאָלסט זי נישט רופן—זי פלעגט נישט ענטפערן.

און ביי די לוריעס איז אומעטיק נישט געווען. עס פלעגן קומען אַ סך געסט, כמעט יעדן טאָג, יונגע און דערוואַקסענע. דער קלאַוויר פלעגט שפּילן און געזאַנג פלעגט הילכן.

אין אַזעלכע שען איז זיך צילקע געזעסן אין איר, ווינקל מיט איינגעפּרעסטע ליפּעלעך און געטראַכט אירס אַ לאַנגן אומרואיקן געדאַנק

זי האָט געטראַכט, אַז דאָרטן אין וואַלד קייקלען זיך די פּאַליעס פון טייכל איבער די שטיינער און דער וואַלד שפּרייט אויס זיינע אָרעמס איבערן וואַסערל און בענטשט אים; אַז ניכע בענקט, דער טאַטע בענקט, דער גאַנצער וואַלד מיט יעדן וועווריק בענקען נאָך איר, גאָך צילקען.

און זי האָט עפּעס אויסגעטראַכט.

איינמאָל האָבן זיך די לוריעס געכאַפּט, אַז צילקע איז נישטאָ: ווו איז זי? האָט איבער די צימערן געקלונגען איר נאָמען: „צילקע!‟ אויף די טרעפּ, אויפן הויף, אויף דער גאַס — זי איז אין ערגעץ נישט געווען, האָט מען זי געזוכט אויפן בוידעם, אין קעלער און אפילו אין ברונעם—אין ערגעץ נישט געווען.

מען האָט פּאָליציע געמאָלדן.

צום משרת איסר אין וואַלד אַריין האָט מען אַוועקגעשיקט אַ שליח: צילקע איז נעלם געוואָרן! גאָט זאַל אויסהיטן—אפשר האָט אַן אומגליק געטראָפן.

דער שווייגנדיקער איסר איז געקומען קיין גראָדנע צו די לוריעס און די גאַנצע שטאָט האָט זיך געלאָזט זוכן, פאָרשן.

ווו איז צילקע?

און צילקע איז געווען אין אַ דאָרף ביי די פּויערים.

פאַרנאַכט, זיצנדיק ביי די לוריעס, ווען אין די איבעריקע חדרים האָט מען געזונגען און געשפּילט, איז צילקען זייער אומעטיק געווען. וואָס העכער מען האָט דאָרט געזונגען, אַלץ גרעסער איז געווען איר בענקשאַפט.

און אַליין נישט וויסנדיק, וואָס זי טוט, האָט זי פאַרלאָזן דאָס הויז און איז אַראָפּ אויף דער גאַס. פון איין גאַס אויף דער צווייטער — ביז זי איז געקומען צום פעלד. זי איז געגאַנגען אַלץ ווייטער. אַרום האָבן זיך פעלדער געצויגן, גרילן האָבן געזעגט די לופט, אַ שטיק הימל איז נאָך רויט געווען, נאָר וואָס אַרגע איז אַלץ טונקעלער געוואָרן.

און צילקע איז געגאַנגען פּאַרויס.

אַט לויפט אַן אַ ווינטל, דערלאַנגט אַ גלעט דעם איינזאַמען מיידל און גייט זיך ווייטער זיין וועג.

דעם ווינטל איז בעסער פאַר צילקען. עס באַדאַרף קיין היים נישט, עס שרעקט זיך נישט פאַר קיינעם.

און זי...

זי איז געגאַנגען אין איר געליבטן וואַלד, צו דער מומע ניכען, צום טאַטן צום שוויינגדיקן. זי איז גיך מיד געוואָרן, און ווען נישט די שרעק, וואָס איז איר איצט באַפאַלען, וואָלט זי פון מידקייט אומגעפאַלן. זי איז געגאַנגען אַלץ ווייטער. פון די עקן וועלט האָבען זיך גאָך געזען טונקעלע וועלדער. ווו איז אָבער איר וואַלד? עס איז שוין נאַכט. אַרום און אַרום ליגט שוין די פינסטערניש. ווייט-ווייט אין דער פינסטערניש פייפט דער צוג, ווי אַ ווילדע חיה — צילקע ציטערט אויף און נעמט לויפן אַ דער-שראָקענע און עלנדע. זי וואָלט שוין וועלן גיין צוריק, נאָר אומעטום איז פינסטער.

זי זעט קיינעם נישט, נאָר זי הערט אַ ווייטן רויש. דאָס איז דער צוג ערגעץ אין דער פינסטערניש אַנטלאָפן מיט אַ ברייטן-שרעקעדיקן „הו-הו".

דערנאָך רייסט זיך דער רויש אָפּ און עס בלייבט אַ גרוי-סע שטילקייט, אַן איינזאַמקייט פאַר דער גאַנצער וועלט.

אונטער די פיס שאַרט זיך אַ טרוקן בלאַט און דאָס שרעקט.

עטלעכע האָר פון צילקעס קאָפּ פאַלן אַראָפּ אויף איר פּנים...

און דאָס דערשרעקט אויך. זי ציטערט פון אַלץ אויף.

דערנאָך... דערנאָך — געדענקט זי ביז היינטיקן טאָג נישט, וואָס עס איז פאָרגעקומען. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין אַ דאָרף. אַ פויערטע איז געזעסן נעבן איר און דערנאָך זענען אַ סך פויע-רים געקומען און יעדערער האָט עפּעס געפרעגט, נאָר צילקע האָט נישט געענטפערט. אויף אַ לאַנגע צייט איז ביי איר דאָס לשון אָפּגענומען געוואָרן.

ווער ווייס וואָס מיט איר וואָלט געווען, נאָר איינם דאָזיק

דאָרף האָט פאַרבלאָנדזשעט אַ גראָדנער ייד און ווען ער האָט דערזען דאָס יידישע מיידל, האָט ער זיך דערמאָנט די געשיכטע, אַז פון די לוריעס איז אַרויסגעגאַנגען אַ יתומה, אַ וואַלד־מיידל און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. ער האָט עס געגעבן צו וויסן אין שטאָט.

מען האָט צילקען פון דאָרטן צוגענומען און געבראַכט אין וואַלד. קומענדיק אין וואַלד איז זי אַרויפגעפאַלן דער מומע ני־כען אויפן האַלדז, האָט זיך פונאַנדערגעוויינט און האָט צוריק רעדן גענומען.

די פויערים, וואָס האָבן געאַרבעט אין וואַלד האָבן דאַן געזאָגט צו איסרן, ער זאָל זי מער אין שטאָט נישט שיקן, ווייל דאָס קאָן זיך ענדיקן זייער שלעכט: דאָס קינד איז צופיל צו־נויפגעבונדן מיטן וואַלד, אַזאַ ביימעלע קאָן מען נישט איבער־פלאַנצן.

ביסלעכווייז איז צילקע געקומען צו זיך און גענומען זיך שפילן, לויפן און בלאָנדזשען איבערן וואַלד.

אין שטאָט האָט מען זי געלערנט אַביסל לייענען און חשבונען. האָט זי איצט געהאַט אַן אַרבעט: איבערציילן די ביימער פון וואַלד.

פלעגט זי אַזוי אָנהייבן ציילן: איינס, צוויי, דריי, פיר און שוין ביי צוואַנציקער פלעגט זי זיך פאַרפלאָנטערן און מוזן אויפ־הערן. אַלע סאָסנעס פלעגן זיך צונויפגיסן, ווי אַ גרויסע גאָלדענע וואַנט און פון צילקעס קאַפּריז איז גאָרנישט געוואָרן.

זי האָט גיך אויפגעלעבט, נאָר דער זומער איז שוין גע־גאַנגען צום סוף.

עס איז נאָך געווען אַ לאַנגער וואַרעמער הערבסט.

דערנאָך איז קאַלט געוואָרן, די מומע ניכע האָט צוגעמאַכט די טיר און געהייצט אין אויוון. ביינאַכט האָט דער וואַלד געיאָ־מערט מיט טויזנטער קולות. צילקע האָט ליב געהאַט דידאָזיקע נעכט פון לאַנגן שווייגן און פינסטערניש, זי האָט עס ליב געהאַט און דערביי האָט זי זיך געשראָקן. די מומע ניכע פלעגט איר דערציילן אין אַזעלכע נעכט מעשיות פון חומש...

ח

## ווינטער אין וואלד...

פון דעמלט אָן איז שוין צילקע געבליבן אין וואלד. דער אַלטער איסר האָט צוגענומען פאַר איר אַ לערער און שטאַרק אָכטונג געגעבן, אַז זי זאָל צופיל נישט אַרומלויפן מיט די קינדער פון שאָסיי-וועכטער.

און דער שאָסיי-וועכטער, איוואַן, מיט אַ גרויסער בלאָנדער באָרד, פלעגט אָפט צוקומען צום גרויסן הויז, וואָס איז געשטאַנען ביים שמאָלן טייכל אין וואלד. ער פלעגט רעדן מיט דער אַלטער ניכען און מיט איסרן בעת צילקע איז צוריקגעקומען פון גראָדנע, און קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי איז פון דאָרטן אַנטלאָפן, האָט ער, איוואַן, אויך אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג:

— דער וואַלד האָט זי גערופן. אַזאַ וועוועריק, ווי אייער טאָכטער, וועט זיך אין שטאָט נישט אויפהאַלטן. זי האָט געבענקט, זי וואָלט דאָרט פון בענקשאַפט געשטאָרבן... יאָ, יאָ... די סאָסנעס און דאָס טייכל איז ביי איר אין דער נשמה אַריין.

דערביי איז צילקע פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער ביי איר אַ פרעג געטון:

—צילקע, דו ווילסט אין שטאָט? דאָרט איז אַזוי ליכטיק, רוישיק...

צילקע איז בלייך געוואָרן און אַנטלאָפן אַן אויפגערעגטע אונטער די ביימער ערגעץ.

און דער אַלטער איסר האָט זיך געבייזערט אויף איוואַנען, פאַרוואָס ער האָט די שטאָט דערמאָנט.

צילקע איז געוואַקסן, ווי אַ יונגע סאָסנע. זי האָט געלערנט און כּמעט אַלץ פאַרגעסן, וואָס זי האָט געלערנט...

דאָך פון די אַלע ביכלעך-מעשיות און פון אַלץ, וואָס דער לערער פלעגט איר דערציילן, איז עפּעס געבליבן אין איר נשמה און נישט איינמאָל פלעגט טרעפן, אַז בלאָנדזשענדיק אין וואַלד פלעגט זי בלייבן שטיין, אויפעפנען אַ פּאָר אויגן און זיך פאַרטראַכטן...

פון דער גרויסער וועלט.

פון אַלע מענטשן.

פון טויט...

און קיינער פלעגט קיין ענטפער אויף די געדאַנקען נישט געבן. דער וואַלד איז געשטאַנען אַנטקעגן די אויגן מיט טויזנטער שווייגנדיקע ביימער און בלינד געקוקט אויף דעם באָרוועסן מיידעלע, אויף צילקען, ביי וועמען די אַקסלען זענען רונדער געוואָרן איבערן זומער.

פלעגט צילקען אין אַזאַ רגע דערעסן איר אייגן שווייגן און דעם וואַלדס שווייגן, עפנט זי אויף איר מויל און נעמט שרייען, זינגען אין וואַלד. זי הערט דעם עכאָ פון איר קול, ווייל זי נישט, אַז עפּעס זאָל זי איבערשרייען, שרייט זי נאָך העכער און פלינקער. גייט עס אַוועק אַ לאַנג, אַ פריילעך שפּיל אין וואַלד.

אַ מיידל, וואָס וואַקסט דאָ איינזאַם צווישן די ביימער שפּילט זיך מיטן ווידערקול.

און דאָס ווידערקול, וואָס לעבט דאָ איינזאַם אויף די שפּיצן פון די ביימער און צווישן די ליידיקע שאָטנס אונטער די ביימער, דאָס ווידערקול שפּילט זיך מיט צילקען, אין דעמ-

דאָזיקן שפּיל רייסט זיך אויף אַריין אַ קוויטש פון אַ צושראָקע־נעם וועוּוריק, פון אַן אומבאַקאַנטן פויגל...

וואַלד לעבט און שווייגט. צילקע לעבט און זינגט און אַמאָל ווערט זי אומעטיק, ווי אַלץ, וואָס לעבט אונטער דער זון.

ווערט דאָך אַמאָל דער הימל אַזוי גראָ־פאַרטרויערט. זיצט דאָך אויפן שאָסיי, אויף די טעלעגראַף־דראָטן אַ קראָ און טרויערט, און די אַלעביימער פון וואַלד ציען זיך אָפּט אויס לענגער, ווי זיי זענען און טרויערן, טרויערן.

פאַרוואָס זאָל זיך נישט פאַרטרויערן אַזאַ צילקע, וועלכע האָט קיינמאָל נישט געזען איר יונג־פאַרשטאָרבענע מאַמע און ביי וועלכער דער טאַטע איז אַזאַ שווייגנדיקער.

אין אַזעלכע טעג לויפט זי קיין מסטיבאָווע, אָדער אין דעם פאָלוואַרק פּרודנע, טומלט זיך אַביסל צווישן די מענטשן און קומט צוריק מיט נייע געזאַנגען, וועלכע וועבן דאָ זיך אויס אין די גרינע שאָטנס.

אין די שווייגנדיקע נעכט.

פרילינג און זומער פלעגט זייער גיך אַריבערלויפן, נאָר שפּעטער אין הערבסט, ווען די טיר פלעגט מען צומאַכן און אין גרויסן שטומען וואַלד בלייבן בלויז די דריי מענטשן: איסר, ניכע און צילקע...

און אַרום כאַפּט זיך אַריין אַ ווינט. ווי אַ בייזער וואָלף צו־יאָמערט ער זיך און שרעקט. אַלע דריי פלעגן מיטאַמאָל שווייגנדיקער ווערן. די צוויי אַלטע האָבן אודאי אין אַזעלכע רגע׳ס געטראַכט פון זייער פאַרגאַנגענהייט, פון אומעטיקע און געמיטלעכע טעג. אָבער די קליינע צילקע—פון וואָס זי געטראַכט? וואָס האָט זי גענומען פון דעם הערבסט־ווינטל? דערמאָנען זיך, האָט זי נישט געהאַט וואָס און טראַכטן פון דער צוקונפט, גלויבן אין עפּעס, וואַרטן אויף וועמען...

אפשר אויף דעם נייעם זומער, מען זאָל ווידער קאָנען אַרומלויפן באָרוועס און האַלב נאַקעט. שפּרינגען אין פלאַכן טייכל און שפּריצן מיט די פיס די זילבערנע קאַלטקייט, וואָס טראָגט זיך צווישן די שאָטנס פון די סאָסנעס.

—מומע, פאַרוואָס איז נישט אייביק זומער. ווו זענען אַהינ-געקומען די אַלע זינגערס פון וואַלד? פאַרוואָס איז דאָס טייכל אַזוי עלנד געוואָרן?

אָט אַזעלכע פראַגן פלעגט פון איר הערן די מומע ניכע אין די הערבסט-טעג.

און אַז אין דעם וואַרעמען וואַלד-הויז פלעגט זיך אָנקלייבן צופיל אומעט און לאַנגווייליקייט, דאַן פאָרט איסר אַוועק אין שטאָט אריין „מאַכן חשבונות" מיט די לוריעס און די מומע ניכע פלעגט צירעווען זאַכן.

שפּעטער איז אויך צוגעקומען דער לערער.

ער האָט געהאַט לאַנגע האָר און האָט נאָר גערעדט פון פעטערבורג, פון אוניווערסיטעט. צילקע האָט אים נישט פאַר-שטאַנען. נאָר יענער האָט נישט געהאַט פאַר וועמען צו רעדן, פלעגט ער פאַר איר אַלץ אויסדערציילן.

—ווען איך וועל זיין אַ סטודענט,—האָט ער אַמאָל צו איר געזאָגט.

—וועט וואָס זיין?

—וועל איך דיך צונעמען אין פעטערבורג און איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ מענטש.

—און וואָס בין איך איצט?— האָט צילקע געפרעגט.

—אַ קאָזקע!— האָט דער לערער געענטפערט.

צילקען איז פון דעם ענטפער געוואָרן פריילעך און זי האָט גענומען מעקען, ווי אַ קאָזע און שפּרינגען און לאַכן.

די מומע האָט זיך אָפּגעריסן פון איר אָרט מיט דער זאָק אין האַנט און גענומען שטראָפן צילקען:

—צילקע, דו שעמסט זיך נישט פאַרן לערער?

און צילקע האָט פיינט געהאַט שטראָף-רייד, איר פלעגט זיך אויסדוכטן אין אַזעלכע מינוטן, אַז זי האָט שטאַרק געזינדיקט, פלעגט זי זיך פאַררוקן אין אַ ווינקל און שווייגן. די פאָר העלע אייגעלעך פלעגן אַרומשוועבן איבערן גרויסן וואַרעמען חדר. אָנ-געשראָקענע און בייזע, ווי ביי אַ געפאַנגענער חיה.

און אַז אַלץ פלעגט איר דערעסן, פלעגט זי זיך אַרויס-

גנבענען פון שטוב איינוויקלען זיך אין ניכעס פאַטשיילע און אַוועק
צום שאָסיי-וועכטער. דאָרט זענען דריי קינדער: צוויי שקצימלעך
און איין שיקסעלע. אַלע דריי מיט ווייסע האָר אויף די קעפּ-
לעך. אויף די ווענט זענען געהאנגען איקאָנעס און הייליקע ביל-
דער און אין שטוב האָט שטענדיק זיך געשפּירט אַ ריח פון קרויט
און נאָך עפּעס זויערקייטן.

מיט דידאָזיקע דריי קינדער פלעגט זיך צילקע שפּילן
שעה׳ן. ביי דעם וועכטער אין שטוב האָט מען זי זייער ליב
געהאַט.

די וועכטערקע פלעגט אָפּקאָכן אַ גרויסן טאָפּ קאַרטאָפל און
די קינדער מיט צילקען פלעגן זיך אַרומזעצן מיט גרויסע היל-
צערנע לעפל און עסן מיט אַ געזונטן אַפּעטיט.

מיטאַמאָל עפנט זיך די טיר און איסר רוקט אַריין זיין
קאָפּ.

צילקע בלייבט זיצן מיט דערשראָקענע אויגן, דער לעפל
מיט די קאַרטאָפל בלייבט ביי איר אין האַנט, ווי פאַרגליווערט.

דער טאַטע נעמט זי שווייגנדיק פאַר דער האַנט און פירט
אַוועק אַהיים. קיין איין וואָרט רעדט ער נישט, נאָר צילקע פילט
זיין כעס און ווידער זיצט זי אין אַ ווינקל און הערט זיך איין,
ווי דער ווינט רוישט. אירע אייגעלעך בליצן, ווי צוויי בייזע
פייערלעך.

דער טאַטע שווייגט.

די מומע ניכע שווייגט און צירעוועט אַ זאָק. אירע ליפּן
מורמלען עפּעס. זי רעדט צו גאָט, מיט גאָט.

און דער לערער זיצט און גריבלט זיך אין ביכער, ער
האָט מיט זיך מער געלערנט, ווי מיט צילקען.

דערנאָך קומט דאָס ערשטע פרעסטל, דער ערשטער שניי
פאַלט אַרויס, אין וואַלד דערהערט זיך אַ שאָס: די אַרומיקע פּרי-
צים גייען אויף יאַגד.

אַמאָל פלעגן אַזעלכע יעגערס פאַרבלאָנדזשען צו זיי אין
שטוב זיך אָנוואַרעמען און אויסטרונקען אַ גלעזל טיי.

דאָס זענען געווען הויכע געזונטע מענער מיט פּנלצלעך,

מיט הינט און מיט ביקסן.

אַ סך מאָל פלעגן זיי קומען מיט אַ פאַרבלוטיקטן טויטן האָז אַריבערגעוואָרפן איבער דער פלייצע. אירע גאָזלעכער פלעגן נע-מען ציטערן, פונקט ווי זי וואָלט עפּעס אַ פרייַנטשאַפט, אַ קרובה-שאַפט דערפילט אין די יעגערס.

און מיט די קינדער פון שאָסיי-וועכטער פלעגט זי דערנאָך דאָס געשעעניש אַרומרעדן.

—דער האָז איז געווען אַזאַ פרישער, מיט אַזאַ רויט בלוט און די הינט האָבן אים כסדר באַשמעקט, אַ שאָד דעם האָז.

פלעגט זי אַרויסקוקן לאַנג פון פענסטער און טראַכטן צי דער האָז האָט נישט געהאַט אַ שוועסטערל, צי אַ ברודערל, וועל-כע בענקען איצט נאָך אים.

און זי אַליין האָט געבענקט און שטייף צונויפגעדריקט אי-רע יונגע פויסטעלעך.

דערנאָך פלעגן זיך אָנהייבן די ווייסע ווינטער-טעג און יעדן טאָג פלעגן די ביימער אַנדערע משונהדיקע געשטאַלטן פון פראָסט-שטויב באַקומען. מאָדנע ווייסע געשטאַלטן,

איבער נאַכט פלעגט צילקע דעם וואַלד נישט דערקענען. די ביימער האָבן זיך אַלע אין ווייסן אָנגעפּעלצט, ווי אַ ווייסע מחנה וואַנדערער: וווּ קלייבן זיי זיך אַוועקצוגיין? דאָ איז די וועלט פאַרפרוירן און ווייס, אָבער ווייט-ווייט ביז פּרודנע, ביז מסטיבאָווע, ביז גראָדנע—אומעטום איז דאָך די וועלט איצט פאַר-פרוירן און ווייס.

שטייט זי אַזוי און טראַכט. פלוצלונג פאַלט פון אַ בוים אַראָפּ אַ הויפן ווייסקייט און צילקע כאַפּט זיך אויף פון אירע חלומות.

און זי נעמט לויפן צום שאָסיי-וועכטערס הייזל.

דאָרט איז אינעווייניק וואַרעם, זי פעלצט אויף זיך אָן די ווייס-האָריקע יאַטלעך און שלעפּט זיי אַרויס אין וואַלד אַריין.

קריכן זיי אַרום אויף די אַלטע סכך-נאָדלען און אויף די ווייסע אינזעלעך שניי.

ווייניק ווערטער האָבן זיי—די וואַלד-קינדער, שפּילן זיי

זיך מער מיט די הענטלעך, מיט די פיסלעך, נעמען זיך אויף צו פלייסן שלאָגן, ווי יונגע וועלפּעלעך.

מיטאַמאָל לויפן אָן עטלעכע גרויסע יאַגד־הינט. זיי לויפן גלייך אויף די קינדער. די צושראָקענע נעמען אַנטלויפן און יאָמערן.

אָבער די הינט זענען גאָרנישט אויסן, זיי באַשמעקן די קינדער און לויפן, פאַרשווינדן ווייטער. נאָר פון שאָסיי־וועכטערס הויז איז מען שוין אַרויסגעלאָפן. דער וועכטער איוואַן, זיין ווייב מיט נאָך פרעמדע פויערים. זיי לויפן צו צו די קינדער, באַרו־יקן זיי און אויף צילקען פאַלן זיי אָן. וואָס זי, אַזאַ גרויסע און צולאָזענע, האָט אַרויסגעשלעפּט די קינדער אין אַזאַ קעלט.

זיי זידלען צילקען און בייזערן זיך אויף איר.

טראָגט זי זיך שוין אָפּ פון דאַנעט.

אַליין, אַ פאַרלאָזענע, איינגעוויקלט אין דער מומעס נייעם שאַל. עס ווילט זיך איר צוריק אין שטוב נישט אַריין, עס ווילט זיך נישט צום לערער, צו ניכען מיט די זאָקן.

קריכט זי אַזוי אַרום אין וואַלד, מאַכט שנייעלעך און שרייט פון צייט צו צייט.

אַ פאַרפרוירען עכאָ ענטפערט אָפּ. „נישט אַזוי, ווי זומער"— טראַכט צילקע. און פאַר כעס רייסט זי אָפּ אַ צווייגל פון אַ בוים. ווען די ביימער וואָלטן זיך לאָזן, וואָלט זי זיי גוט אָנגעשלאָגן: פאַרוואָס שווייגן זיי אַלע.

זי בלאָנדזשעט אַזוי לאַנג, ווייט.

פלוצלונג פאָרט אָן אַ פור און זי דערזעט דעם טאַטן: „שוין געקומען פון גראָדנע", דער טאַטע דערזעט זי און פרעגט:

—וואָס בלאָנדזשעסטו דאָ?—און נעמט זי אַרויף צו זיך.

—גאָרנישט,—ענטפערט צילקע.

—וואָס גאָרנישט?—בייזערט זיך איסר.

מיטאַמאָל באַטראַכט ער זיך, אַז דאָס „קינד" לעבט דאָ אַזוי איינזאַם.

—וואָלסט אפשר איצטער וועלן פאָרן קיין גראָדנע! דאָרט איז פריילעך, דאָרט זענען דאָ אַ סך מענטשן.

צילקע שאָקלט מיטן קאָפּ: „ניין״.

דערהערט זי „שטאָט״—דערשרעקט זי זיך און זי באַקומט אַזאַ רחמנות אויף דער מומע ניכע און אויף דעם גאַנצן וואַלד.

ווי וועט דאָ אַלץ אָן איר זיין? זי וועט אַוועקפאָרן און עפּעס אַ גרויס שטיק עלנד וועט דאָ בלייבן אַרום יעדן בוים, אַרום יערן בוים וועט שוועבן דער ווינט און וויינען.

אַזוי טראַכט זי, צילקע, ביז די פור קומט צופאָרן און בלייבט שטיין ביים שוועל.

די טיר עפנט זיך. די מומע ניכע רוקט אַרויס דעם קאָפּ און אַ שטראָם וואַרעמע פּאַרע כאַפּט זיך אַרויס.

די טיר פאַרמאַכט זיך.

אַ שווייגנדיק מאַנאַטאָן לעבן גייט אינעווייניק.

פון קוימען ציט אַ רויך און בלויט זיך צווישן די גרין-ווייסע צווייגן פון די סאָסנעס. די איבעריקע צווויי הייזער שטייען אין וואַלד פאַרלאָזן און פאַרפרוירן.

דער ווינטער לעבט זיך איין אין וואַלד, באַרויקט זיך. דער פראָסט פילט זיך זיכער, ווי ער וואָלט דאָ אויף אייביק אַראָפּ-געקומען.

אפשר דאָרט, אונטער די וועלדער, אויף די פרייע פעלדער, אָטעמט נאָך דער ווינט און הייבט אויף דינע שניי-שאַלן און זיימט מיט זיי אַרום די גראָבנס, די נישט צוגעקערטע בייטן. לאָזט ער נישט, דער ווינט, איינליגן דעם אומשולדיקן שניי און שפּילט זיך מיט אים, בעת דאָ אין וואַלד שלאָפט אַלץ מיטן אמתן ווינטער-שלאָף.

אַלץ שלאָפט מיט אַזאַ ווייסע רויקייט. די אָנגעזייפטע שפּיצן פון די סאָסנעס, די קופּערנע שמאָלע בייכער פון די ביי-מער שווייגן ווי אָנגעלאָדענע האַרמאַטן.

עטלעכע קאָלירטע ווינטער-פייגעלעך יאָגן זיך נאָך און זיי זינגען זיך צו יעדן פלי זייערן. אויך אין פראָסט ליבט מען זיך אויף גאָטס וועלט.

נאָר אָט שפּרינגט אַרויס פון ערגעץ אַ צושראָקענער האָז, שטעלט ער אָן די לאַנגע אויערן, האָרכט די קלאַנגען און נישט-

קלאַנגען פון וואַלד הייבט אויף איין באַשנייט פּיסל און באַלעקט
זיך מיט דעם פאַרגליווערטן שניי-פראָסט פון וואַלד...

ווער וועט אים דאָ באַליידיקן אין אַזאַ שטילער וועלט פון
שניי און גרינעם סכך?

כאָטש ווייט-ווייט הערט זיך אַ פאַרלוירענער עכאָ פון אַ
שאָס.

דער האָז פאַרשווינדט.

דער וואַלד פלאָנטערט פאַרכשופט אויס די צווייגן, אַנדע-
רע ציען זיך גלייך צום הימל, ווי זילבערנע פאַקעלן. די אַנדע-
רע זעען אויס, ווי צובראָכענע קאַנדעליאַברעס און נאָך אַביסל
ווייטער... גיב אַ קוק! צונויפגעקורטשעטע הענט פון גבורים, —
דער פראָסט האָט זיי באַזיגט.

נאָר אונטער די אַלע בילדער, אונטערן פראָסט און גליווער
רוט און קוקט אַרויס גאָטס אויג — די גרינקייט און זאָגט אָן דעם
גלויביקן מענטשן, אַז עס וועט ווידער זיין פרילינג, אַז דער פרי-
לינג, וואָס וועט קומען וועט זיין דער שענסטער און דער בעס-
טער. אַלע מענטשן וועלן זיך פאַרליבן אין אַזאַ פרילינג. די סכך-
נאָדלען ווינקען און שמייכלען...

עס וועט זיין פרילינג, עס וועט זיין.

אפילו אין דער פאַרפרוירענער לופט שוועבט פלוצלונג אַ
שטראָם, אַ ריח, וואָס דערמאָנט זומער און שמעקנדיקן פאַרנאַכט.

איצטער שווייגט נאָך דערווייל דער וואַלד. פון ערגעץ איז
אַ הייפנדל שניי אַראָפּגעפאַלן און אַזאַ שאָרך האָט אויך אַן ע אַ
אין וואַלד.

דריי פאַרשנייטע הייזער שטייען דאָ און אַביסל ווייטער — אַ
שטאַל. פון איין הויז גייט אַ רויך און אונטער אים זענען אָנגע-
פלויגן אַ גאַנצע מחנה קראָען. זייער שוואַרצקייט גלאַנצט אין
דער אַרומיקער ווייסקייט. זיי שרייען נישט, זיי זוכן עפּעס צו
עסן.

לאַנג געדויערט און קיין טיר עפנט זיך נישט. שפּעטער,
נאָך אַ האַלבן טאָג, ווען שטיקער קאַלטע זון נעמען אַרום מיט
פאַרגליווערטע אָרעמס אַ גאַנצע ריי ביימער, שפּעטער עפנט זיך

פלוצלונג אַ טיר און עס גייט אַרויס פון דאָרטן אַן אָנגעפּעלצטע פרוי אין שטיוול, מיט אַ טוך אַרומגעוויקלט דעם קאָפּ.

דאָס איז צילקע.

זי שפּרייזט קיין מסטיבאָווע...

און אין מסטיבאָווע פליקט מען אַ גאַנצן ווינטער פעדערן. צילקע האָט דאָרט עטלעכע באַקאַנטע הייזער, ווו זי קומט אַריין.

און אומעטום זינגט מען און מען פליקט פעדערן. גלייך נאָך סוכות הייבט זיך דאָס אָן, ביז פּסח.

אַלע ווייבער, אַלע קינדער זענען טאָג און נאַכט איינגע-פעדערט. צילקען דאַכט זיך, אַז זיי מאַכן דאָס דעם גאַנצן שניי מיט זייערע פעדערן, דעם שניי, וואָס פאַרדעקט זייער גאַנצן וואַלד מיטן טייכל, מיטן שאָסיי.

מען פרעגלט געגנדז אין מסטיבאָווע און מען עסט גריבענעס. אויפן גאַס שטייט לאַנג דער פראָסט און אין די הייזער איז אַזוי וואַרעם, ווייל קיין האָלץ פעלט נישט אין דער באַוואַלדיקטער געגנט.

פעדערט מען... מיידלעך און ווייבער, מען גייט אַרויס אַזוי אין גאַס איינקויפן, מען גייט צו גאַסט איינגעפעדערטע.

אין דער לופטן טראָגן זיך אינאיינעם מיטן שניי ווייסע אומשולדיקע פּוכעלעך, ווייסער און לייכטער, ווי דער שניי אַליין.

פון די הייזלעך שלאָגט אַרויס אַ וואַרעמע פאַרע און די קוימענס שיקן בלאָע זיגזאַגן צום הימל.

ר"יק און וואַרעם גייט דאָס לעבן אין מסטיבאָווע.

צילקע קומט אַהין. זי אַנטלויפט פון זייער עלנדן וואַלד. גאַנצע טעג איז זי אַליין מיט דער מומע ניכע. יענע בייזערט זיך, ווי אַן אַלטע קראָ. דערנאָך נעמען זיי ביידע שווייגן. טעג, לאַנגע טעג נאָכאַנאַנד שווייגן זיי, רעדן קיין וואָרט נישט אויס.

די יונגע צילקע איז אין כּעס אויף דער אַלטער ניכע, ווייל זי איז אַלט און בייז.

די אַלטע ניכע איז אין כּעס אויף דער יונגער צילקע, ווייל יענע איז יונג און ווילד.

און פון דעם שווייגן קומט אַרויס דאָס, וואָס צילקע ציט אַרויף אויף זיך די גרויסע שטיוול, פּעלצט זיך איין און וויקלט זיך אַרום מיט אַ טוך.

זי אַנטלויפט קיין מסטיבאָווע.

אַ גאַנצן טאָג זיצט זי דאָרטן ביי באַראַשן דעם סטאַראָס-טע, וועלכער גיט אַלעמען אַרויס פּעסער.

דער באַראַש האָט אַ יונגן זון, פּרויקע, טראָגט ער גלאַנצי-קע שטיוועלעך און שטענדיק זינגט ער און שטענדיק שפּאַסט ער.

דאָרטן זיצט צילקע גאַנצענע טעג מיט פּרויקעס שוועסטער, זי פליקט אויך פעדערן און זינגט דערביי מאָדנע לידלעך:

וואָס זאָגט די וועלט?

וואָס זאָגט די וועלט?

אַז פרויען ליבן געלט..:

זי זינגט און פאַרשטייט ניט, וואָס זי זינגט, נאָר דאָ מיט די מענטשן איז אַזוי גוט, אַזוי וואַרעם...

מען באַקט אָפּ קאַרטאָפל און מען דערקוויקט זיך מיט זיי.

די מאַנסבילן גייען אַוועק אין בית-המדרש. עס בלייבן די ווייבער, פאַרנאַכט-צייט. מען צינדט אָן פייער, מען זינגט לאַנג, לאַנג, ביז מיד-ווערן און דאָס זעקל מיט די פעדערן ווערט נישט קלענער. און עס ווערט, דאַכט זיך, קיינמאָל שוין קלענער נישט ווערן. נאָר קיינעם אַרט עס, קיינער טוט עס נישט באַנג. פאַראַן אויך ביי די באַראַשעס אַ זיידע, צי אַן עלטער-זיידע. צילקע האָט עס געגנוי געוווּסט. גערופן האָט מען אים „ניקאָ-לאַיעווסקער“, אַ ברייטע ווייסע באָרד האָט ער געהאַט און גערעדט האָט ער מיטן „ר“. אָפּגעזאָגט צוויי ווערטער און געלאַכט, גע-זאָגט אַ וואָרט און געלאַכט.

בעת ער פלעגט לאַכן, פלעגט שטענדיק אויסדוכטן, אַז עס דונערט.

קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער אַלטער רעדט, נאָר עס זיינען געווען אַנגענעם אין זיין געזעלשאַפט. ער האָט מיט זיין אַלטקייט געטרייסט די מענטשן.

עס האָט זיך געטראַכט דערביי:

ווי לאַנג אַ מענטש קאָן לעבן, האָ, האָ!

ער פלעגט זיצן פון ווייטן אין אַ ווינקל, נאָר די פעדער-לעך, די פוכיקע פינטעלעך האָבן נישט אויסגעמיטן. ער פלעגט נאָך ווייסער ווערן.

דער זיידע איז שוין אינגאַנצן ווייס,—פלעגן לאַכן די קינדער.

—עס וועט זיך אים חלומען ווייכע פערענעס.

—מיט הונדערט יאָר צוריק איז ער געווען יונגער.

—נישט אַלע וועלן צו זיינע יאָרן דערלעבן,—דאָס פלעגט זאָגן איינע פון די עלטערע פרויען און די שפּאַסן פלעגן גלייך אויפהערן.

אַ סך מאָל בלייבט דאָרט צילקע נעכטיקן און די מיידלעך, פרויקעס שוועסטערס, דערציילן מאָדנע מעשיות: פון ליבע, פון פאַרליבעניש, פון אייפער־זוכט.

צילקע פאַרשטייט זייער ווייניק פון זייערע רייד, נאָר זי האָט נישט ליב צו פרעגן. זי מוז אַלץ דערגיין מיט איר אייגע-נעם שכל אַליין, אַליין דאַרף זי אַלץ דערגיין.

דער באַראַש האָט אַן אייגן פערד מיט אַ שליטן. שפּאַנט פרויקע איין אַמאָל דאָס פערדל און מען לאָזט זיך איבערן שניי און מען שרייט, אַזויווי די דאָרפישע שקצים מיט די שיקסעס.

עפּעס אַזויפיל מיידלעך פּאַקט ער אַריין, דער פרויקע, אין שליטן און ער איינער, אַ יונג לוסטיק בחור׳ל האַלט די לייצעס און שמייסט דאָס פערד.

און צילקע האָט באַמערקט אַ מאָדנע זאַך: אַ סך מאָל לאָזט ער אָפּ די לייצעס און כאַפּט זיך צו צו אַ שכנ׳טע, וואָס טוליעט זיך אין שליטן און ער נעמט זי קושן; די איבעריקע מיידלעך מאַכן זיך נישט זעענדיק. זי, צילקע, פאַרדרייט אויך דעם קאָפּ און זי ווערט עפּעס בייז אויף פרויקען און אויף דעם מיידל, וואָס ער קושט און אין דערזעלבער צייט נעמט ביי איר דאָס בלוט זידן פון אַנ׳אומפאַרשטענדלעכער אויפרעגונג.

זי וויל שוין גיכער אַהיים, בעט זי פרויקען, ער זאָל אַ קירעווע טאָן צו זיי אין וואַלד.

פרויקע פאָלגט, ער פירט זי אָפּ אַהיים.

קריכט זי אַרויס פון שליטן מיט אַזעלכע שווערע פיס, מיט אַ בייזקייט אויף וועמען.

דער שליטן איז שוין אַוועקגעפאָרן צוריק קיין מסטיבאָווע. זי הערט נאָך לאַנג דעם עכאָ פון די געשרייען.

כאַ, כאַ, כאַ! דער וואַלד מיט.

און זי שטייט און גלאָצט מיט די אויגן אויף די דריי פאַרשנייטע הייזער, פון וועלכע איינס איז בלויז באַוואָרנט און אָנגעוואָרעמט.

זי שטייט און הערט זיך צו צום וואַלדס שווייגן.

לאַנגזאַם קומט זי צו זיך. זי דערמאָנט זיך איצט מסטיבאָווע מיט די פעדערן, מיט די מיידלעך, וואָס פרויקע קושט און אַלץ זעט אויס אַזוי ווייט, אַזוי ווייט.

פלוצלונג וואַקסט פאַר איר אויס די מומע ניכע.

—פאַרוואָס גייסטו נישט אין שטוב אַריין, איך האָב דער־הערט, ווי דו ביזט צוגעפאָרן, פאַרוואָס גייסטו נישט אַריין...

עס געדויערט עטלעכע סעקונדן ביז זי פאַרשטייט די מו־מע, ביז זי נעמט שטעלן טריט.

פונקט, ווי זי וואָלט באמת פרעמד געווען מיט די מענטשן, מיט אַלעמען, מיט דער גאַנצער וועלט.

און אין שטוב, ווען זיי גייען אַריין האָט די מומע פרע־טענזיעס צו צילקען.

—וואָס האָסטו מיטגעבראַכט אַזויפיל פעדערן? צו וואָס ציל־קע רירט זיך נישט צו ווערט עס באַלד פאַרפעדערט.

—מומע, בייזער זיך נישט.—בעט זיך צילקע.

און די מומע ניכע דערמאָנט זיך, אַז דאָס „קינד" איז אַן עלנדע יתומה, קריגט זי אויף איר אַזויפיל גוטן רחמנות.

וואָס זי זאָל נישט בעטן די צילקע...

נאָר יענע בעט גאָרנישט. זי לייגט זיך שווייגנדיק שלאָפן און אין שטוב ווערט אַזוי שטיל, אַזוי שטיל און איינזאַם...

חלומט זיך איר מסטיבאָווע, פרויקע מיט די מיידלעך, וועלכע ער קושט; חלומען זיך איר אַ סך קליינע ווייסע גענדזלעך

זיי פליען און וואָס העכער זיי פליען אַלץ מער פון שיט זיך אויף דר׳ערד, אויף אַלע ביימער, אויף אַלע הייזלעך.

ווען וועט זיך דאָס ענדיקן די לאַנגע-אייביקע ווייסקייט פון דער וועלט?

ביז זי עפנט באַגינען די אויגן. טונקל אין שטוב, די מו־מע ניכע זאָגט שוין תהלים. פון איר ניגון ווערט אַזוי אומעטיק.

גיט זיך צילקע מיט קאַפּריז ווידער אַ וואָרף אונטער דער פּערענע און שלאָפט איין אין איין „אויגנבליק.

ווען זי כאַפּט זיך אויף צום צווייטן מאָל איז אין צימער שוין ליכטיק און אין דרויסן דער וואַלד...

ווי אַ פאַרגליווערטער אָרקעסטער שטייט און וואַרט...

זאָל נאָר דער דיריזשאָר אַווינק טאָן מיטן שטעקעלע.

דערווייל, אָבער, אָטעמט דער פראָסט אָן אַן אָטעם און שניי־צו שנייעלע פרעסט זיך פעסטער צונויף און קוקט מיט זיין מיק־ראָסקאָפּיש בריליאַנטן אייגעלע אויף די איבעריקע שנייעלעך...

און אויף די אָפּגעדעקטע גרינע סכך-נאָדלען.

דערווייל הערט זיך קיין איין קלאַנג נישט, קיין שאָרך נישט.

די האַלב-פאַרשנייטע סכך-צווייגן זעען אויס ווי גרויסע אָדלער-פליגל. אַ סך, אַ סך אָדלער-פליגל אָנגעוואָרפן איינס אויף דעם צווייטן, און פון אונטער די פליגל רוקן זיך אַרויס לאַפּקעס מיט זילבער, לאַפּקעס מיט זילבער.

עטלעכע קראָען פליען נידריק פאַרביי און זייערע פליגל זינגען קוים-קוים, ווי דינע סטרונעס ציטערן דינע דורכזיכטיקע טענער.

נאָך דאָס שווייגן שווייגט פאַר זיך אַליין, די ווייסקייט ווייסלט זיך פאַר זיך אַליין...

די דריי הייזער אין וואַלד זענען ווייס פאַרשאָטן, בלויז צו איינעם פירט אַ שמאָל שטעגל און עטלעכע פאַרפרוירענע שויבן האָבן שוואַרצע פלעקן.

אינעווייניק איז וואַרעם.

אַרום—אַ שטיק וואַלד פילט, אַז דאָ שטייט אַ וואַרעמע שטוב.

דוכט זיך, אַז די פאַרפרו-רענע צווייגן ציען זיך צו דער וואַ-
רעמקייט. דער שניי פילט זיך דאָ נישט זיכער. פאַר זיין גלאַנץ
איז יעדער וואַרעמער אָטעם געפערלעך.

צילקע ליגט היינט אַ גאַנצן טאָג אין בעט אונטער דער
ווייכער פערענע און די מומע טאַנצט אַרום איר, ווי אַ גוטע
מאַמע.

עס קאָכט זיך עסן און אין חדר שפּאַצירן אַרום עטלעכע
הינער מיט אַ האָן, וואָס מען האָט אַריינגענומען, זיי זאָלן נישט
פאַרפרוירן ווערן.

— אַזאַ פראָסט היינט, — זאָגט די מומע ניכע. — אַ רחמנות אויף
דיין טאַטן, ער פרירט דאָרט ערגעץ אין די אַרומיקע וועלדער.

צילקע פאַרטראַכט זיך-

דער טאַטע...

זיגט זי געדענקט אים, האָט ער נאָך קיינמאָל מיט איר
נישט גערעדט אָט אַזוי, ווי עס רעדט צו איר מומע ניכע, ווי
עס רעדן אַנדערע צו איר.

שטענדיק קומט ער צו איר מיט אַ שווייגן, גלעט זי שוויי-
גנדיק און רעדט געציילטע קלאַנגלאָזע ווערטער.

און אַזוי ווי דער פראָסט שווייגט ער, דער טאַטע.

אין צילקע הערט זיך לאַנג צו צום וואַלד, טאָמער וועט
זיך אַ קלאַנג, אַ שאָרך דערהערן... ניין, בלויז אין אויוון קלאַפּט
דאָס האָלץ און שפּריצט מיט פונקען.

זי ליגט אַזוי אין בעט און קוקט אויפן פייער פון אויוון.

פלוצלונג דערהערט זיך אַ לייכטער רויש אין וואַלד. שליטנס
פאָרן, מען פירט אַרויס געהילץ. און די שליטנס שלייפן דעם
פאַרפרוירענעם שניי, פונקט ווי מעסער מיט מעסער וואָלט זיך
פעכטן.

דערנאָך ווערט ווידער שטיל... די שליטנס שטעלן זיך אָפּ.
עטלעכע פויערים מיט פאַרפראָסטעטע וואָנסן קומען אַריין צו
איסרן אין שטוב.

זיך אָנוואַרעמען.

פאַררייכערן.

זיי רעדן וועגן פראָסט און קלאַפּן האַנט אָן האַנט, פּוס אָן פּוס...

— מען האָט געפונען פאַרפרוירענע מענטשן, — זאָגט איינער.

— אַזעלכע פרעסט זענען נאָך נישט געווען !...

צילקע ליגט אונטער דער פּערענע און קוקט אויף די פּויערים.

די פּויערים קוקן אויף איר און שמייכלען :

— אָט אַ לעבן, ווי אַ קייזערין ליגט זי זיך אונטער דער פּערענע און וואַרעמט זיך...

— אַלטע ניכע, פאַרוואָס בראָטסטו נישט אָפּ קיין טייבעלע פאַר דיין קייזערין !

— אַ חתן באַדאַרף מען איר ברענגען.

צילקע פאַרשעמט זיך און באַהאַלט זיך איינגאַנצן אונטער דער פּערענע.

און זי ווייסט שוין נישט, וואָס די פּויערים רעדן דאָרט און צי זיי זענען שוין אַוועקגעגאַנגען.

זי טראַכט פון די ווערטער : „אַ חתן באַדאַרף מען זי ברענגען".

און זי דערמאָנט זיך, אַז אין מסטיבאָווע, ווו מען פליקט שטענדיק פעדערן, אין מסטיבאָווע רעדן אַלע מיידלעך פון חתנים, פון קושן זיך...

מיטאַמאָל רוקט זי האַסטיק אַרויס דער קאָפּ פון אונטער דער פּערענע. די פּויערים זענען שוין נישטאָ, די מומע זיצט אין אַ ווינקל און צירעווועט אַ זאָק.

לאַכט זי זיך פונאַנדער אויפן קול און נעמט שרייען...

— מומע ניכע, ווען וועסטו מיר ברענגען אַ חתן, איך וויל אַ חתן, אַלע מיידלעך האָבן חתנים.

די מומע ניכע גייט צו מיט דעם זאָק נענטער און רעדט גוטמוטיק.

— עס וועט זיין, מיט מזל, קינד. עס וועט זיין פאַר דיר אַ חתן, אַ יידישע טאָכטער ווערט נישט פאַרלוירן. וועסט האָבן אַ מאַן, וועסט האָבן קינדערלעך.

לאַכט צילקע אויפן קול, זי איז נאָך אַליין, אַזוי ווי אַ קינד

און זי וועט האָבן קינדערלעך. און עפּעס אַ פרעמדער מענטש וועט קומען און וועט זיין איר חתן.

ניין, זי וויל נישט.

זי וויל נישט קיין פרעמדן חתן.

די מומע ניכע קוקט זי נייגעריק אָן.

אָט ווי גיך זי איז אויסגעוואַקסן, די צילקע, שוין דאָך באמת אַ כלה-מויד.

און ווי לאַנג—האָט זי זיך געשפּילט מיט דעם שאָסיי-וועכטערס קינדער און דעם וועכטערס קינדער זענען שוין אויך גרויסע, איין זון איז שוין אַוועק דינען.

און ווי לאַנג איז צילקע אַנטלאָפן פון גראָדנע, פאַרבלאָנ-דזשעט זיך און די גאַנצע גובערניע האָט געטומלט מיט דער געשיכטע.

זי דערמאָנט זיך, די אַלטע, אַז זומער איז דאָ געווען סאַ-שע, דעם אַלטן לוריעס קדיש און ער פלעגט אויף לאַנגע שעה'ן פאַרפאַלן ווערן מיט צילקען.

אין געדיכטן פלאָנטער פון וואַלד.

אַ בחור מיט אַ מיידל צוזאַמען אין וואַלד.

זי דערמאָנט זיך עס און קוקט אויף צילקען.

און יענע רוקט אַרויס פון אונטער דער פערענע אַ נאַקעטן פוס און נעמט קאַפּריזיש קלאַפּן אין דער פערענע.

—איך וויל נישט קיין חתן, איך וויל נישט. איך וויל חתונה האָבן מיט סאַשען. ער איז אַזאַ גוטער צו מיר. זומער האָט ער געזאָגט, אַז ווען איך וויל וועט ער מיט מיר חתונה האָבן.

—אַזוי גאָר...—שאָקלט מיטן קאָפּ די מומע ניכע.

—יאָ, יאָ, מומע ניכע...

—קינד מיינס! ווינטער פאַרגעסט, וואָס מען האָט זומער צוגעזאָגט. ווערטער זענען ווי די פייגעלעך, זיי פליען אַוועק.

—ניין, ניין, ניין,—קלאַפּט צילקע מיטן פוס און שלאָגט די פערענע.—נאָר מיט סאַשען. ער דערציילט אַזעלכע שיינע מעשיות פון אויסלאַנד. ער איז אַזאַ גוטער...

און זי שפרינגט אַראָפּ פון בעט, לויפט צו צום קאָמאָד און ברענגט מיט זיך מיט אין בעט אַ פּעקל בריף.

—הער, מומע, וואָס ער שרייבט צו מיר.

די מומע שטעלט אָן א. י. ן און אויערן.

צילקע לייענט:

„צילקע, אין גראָדנע איז איצט זייער לאַנגווייליק, נאָר איך אַרבעט גאַנצע טעג. מיר איז איינגעפאַלן אָנשרייבן אַ זאַך, אַן ערציילונג פון דיר פון וואַלד. דו האָסט מיך אַזוי אויפגעמונטערט אין דעם לעצטן זומער, אַז איך ווייס שוין נישט צי איך וועל דיך קאָנען פאַרגעסן. איך דאַנק דיר נאָכאַמאָל פאַר דעם קוש, וואָס דו האָסט מיר געגעבן לעם דער צווילינג-סאָסנע.

—וואָס, דו האָסט אים געקושט?

—יאָ און ער מיך אויך... וואָס האָט זיך די מומע ניכע אַזוי דערשראָקן, אַלע מיידלעך מיט בחורים קושן זיך.

—פון וואַנען ווייסטו עס?

—איך האָב געזען אין מסטיבאָווע.

און אַזוויי זי וואָלט קאָקעטירן מיט דער מומען—באַהאַלט זי זיך ווידער אונטער דער פּערענע. טרוימט און טראַכט.

איינע אַליין אין וואַלד, אין פּראָסטיקן וואַלד, ווו עס דוכט זיך אויס, אַז די ביימער וועלן שוין אייביק פאַרגליווערט זיין.

טעג, ווייס-רויקע טעג נעמט ער צו, דער וואַלד.

אָפּט, אַז אין וואַלד פלעגט זיין זייער שטיל, פלעגט צילקען זיך אויסדוכטן, אַז זי הערט אין דער שטילקייט די ווייטע גרויסע וועלט, און דידאָזיקע ווייטע, גרויסע—פלעגט צילקען אין אַזעלכע רגע׳ס נאָך אויסזען גרעסער, אַ סך, אַ סך גרעסערו

נייגעריק איז זי אָפּט געווען. געטראַכט האָט זי, ווי לעבן זיי די מענטשן אין די גרויסע שטעט, נאָר זי האָט נישט געבענקט.

דאָך, יעדעס געשעעניש, וואָס אַנדערע פלעגן גיך פאַרגעסן, איז פאַר צילקען געווען אַ זאַך אויף לאַנג צו געדענקען.

דערצו האָט זי נאָך געלעזן ביכלעך, וועלכע האָבן אויף איר שטאַרק געווירקט. זי אַליין האָט געלעבט מיט איר פאַנטאַזיע,

מיט קיינעם זיך נישט געטיילט. די מומע ניכע האָט דאָך אויך איר וועלט, זי רעדט בלויז וועגן רחל און לאה... וועגן די פרומע אָבות.

איינמאָל, אין אַ לינדן ווינטער-טאָג, בעת דער שניי איז געפאַלן שטיקערווייז פון די ביימער און זיך צושאָטן ווי זאַלץ-קאַשע, בעת די פענסטער פון זייער שטוב האָבן זיך פון דער אינערלעכער וואַרעמקייט אינגאַנצן באַפרייט פון דעם פראָסט און צילקע האָט אַרויסגעקוקט אויף דער אַרומיקער ווייסקייט, איז פאַרבייגעגאַנגען דער שאָסיי-וועכטער.

ער איז געגאַנגען פון מסטיבאָווע, און פון לאַנגווייליקייט איז צילקע אַרויסגעלאָפן צו אים אויספרעגן וואָס עס הערט זיך דאָרט, אין שטעטל, ביי די באַראָשעס.

—אין מסטיבאָווע,—האָט דער שאָסיי-וועכטער געענטפערט—אין מסטיבאָווע איז היינט אַ גרויסער טומל.

—וואָס איז געשען?—האָט צילקע געפרעגט.

—דאָס גאַנצע שטעטל איז אויפן בית עולם. מען שרייט מען זידלט זיך,—גנבים האָבן אַ קבר אויסגעגראָבן.

—וואָס?—האָט צילקע געבומען נייגעריק ווערן.

נאָר דער וועכטער איז זיך ווייטער געגאַנגען און צילקע האָט מער נישט געזען ווי זיין קאַרק.

ער האָט מער נישט געענטפערט, ער האָט נאָך אַלץ גע-קוקט אויף צילקען, ווי אויף אַ קליין קינד, מיט וועלכן דערוואַק-סענע מענטשן רעדן נישט קיין סך.

זי האָט זיך אויף אַ רגע פאַרטראַכט...

מסטיבאָווע... בית-עולם... גנבים...

וואָס איז דאָרט געשען?

זי האָט געקוקט דורך די ביימער. דאָס טייכל איז פאַר-פרוירן. די עטלעכע שטיקלעך הימל, וואָס זעען זיך דורך די ביימער זענען גראָ, נאָר אַרום פילט זיך עפּעס, אַז דער ווינטער גייט שוין צום סוף. אפילו די קראָען שרייען שוין מונטערער.

אַ קלער געטון האָט צילקע, אַז גיך וועט זיין פרילינג, זומער, מען וועט שוין ווידער קאָנען אַרומלויפן באָרוועס.

אַ קלער געטון און אַ שפרונג געטון פון אָרט.

אַריינגעלאָפן אין שטוב און אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן בעט דעם טאַטנס שטיוול: דער שניי אין וואַלד ווערט דאָך שוין פייכט און מען קאָן אין אַ וואַלד-זומפּ פאַרקריכן.

זי האָט זיך זייער געאיילט. די מומע ניכע האָט עס באַמערקט.

—וואָס איילסטו זיך אַזוי, צילקע, וווהין?

—קיין מסטיבאָווע,—האָט צילקע אין איילעניש געענטפערט.

—וואָס איז דאָרט? וואָס טרייבט דיך אַזוי?

—וואָס? גאָרנישט! איוואַן דערציילט, אַז מען שרייט דאָרט... אויפן בית-עולם... גנבים...

מער האָט די מומע נישט געהערט, צילקע האָט זיך שוין אָנגעטון, אַרומגעוויקלט זיך דעם קאָפּ און אַנטלאָפן... די מומע איז צוגעלאָפן צו דער טיר און גענומען רופן...

נאָר בלויז די סאָסנעס, די אַלט-באַקאַנטע סאָסנעס, האָבן געהערט, ווי די מומע רופט:

—צילקע, צילקע!

נאָר זיי זענען פאַרנומען די סאָסנעס, זיי טרייסלען היינט אָפּ דעם שניי פון זיך. דעם ווינטער טרייסלען זיי אַראָפּ פון זיך.

דער שניי וועט זיך צולייגן אויף דער ערד און אומבאַמערקטערהייט וועט ער גענמען קריכן אין צושמאָלצענע שטראָמען צום טייכל און פון טייכל...

ווער ווייסט ווו דער שניי פון לאַנגן ווינטער גייט אַוועק?

דער ווינטער וועט אַוועק מיטן ווינט.

עס וועט אַרויסקוקן אַ גרינע ערד, אַ שוואַרצע ערד און אויף די אַלטע סאָסנעס וועט צוקומען אַביסל פריש-בייע נאָדלען.

ווי פון די סאָסנעס אָפּגעריסענע שטיקלעך לעבן — וועלן אַרומשפּרינגען די רויטלעכע וועווריקעס. די גאַנצע וועלט מיט אַלע וועלדער וואַרטן שוין אויף דעם גליקלעכן טאָג. מיט גרויסע אייז-פּיס האָט דער ווינטער צוגעפּרעסט דעם זומער, נאָר ער וועט זיך באַפרייען, ער וועט זיך גיך באַפרייען. דער הימל ווייס שוין דעם סוד און דעריבער שמייכלט ער אַזוי. דאָס ווינטל ווייס שוין

אויך און דערפאַר ליפּט עס אַדום פון בוים צו בוים און הויבט אויף דעם איינגעלעגענעם שניי, דערוואַרעמט אים און צושמעלצט אים.

אין שטאַל מעקען די בהמות, עס איז וואַרעמער געוואָרן און עס ווילט זיך שוין אויף דער פרײַ. כּל-זמן דער וועג איז נאָך האַרט פון ווינטער, איילן זיך די פּויערים אַרויסצופירן דאָס אויסגעהאַקטע געהילץ. עס וועט שוין באַלד קיין צייט נישט זיין.

דער וועג וועט קאַליע ווערן און מען וועט מוזן גיין אַר-בעטן אויף די פעלדער.

צילקע איז געקומען קיין מסטיבאָווע, נאָר אין שטעטל האָט זי קיינעם נישט געפונען. אַלע, אַלע זענען געווען אויפן בית-עולם.

איז זי אַוועק אויפן בית-עולם. אַ קליין בית-עולם איז דאָס געווען. אויף אַ בערגעלע איז עס געשטאַנען, עטלעכע אַלטע נאַ-קעטע ביימער, וועלכע וואַרפן זומער אַזויפיל שאָטן. איצט זע-נען זיי געשטאַנען אַליין, ווי מתים, וועלכע זענען געבליבן אָן אַ קבר.

אַלע מצבות זענען פאַרשנייט און צווישן די מצבות קריכן אַרום קינדער און אַלטע לייט, מאַמעס און טאַטעס.

מען שרייט שוין נישט. מען רעדט אַרום דאָס געשעעניש.

צילקע געפינט אירע חברטעס — באַראַשעס טעכטער און פון זיי דערגייט זי, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען:

אין שטעטל האָט געלעבט אַן אַלטע אלמנה. דריי זין האָט זי געהאַט, געזונטע יונגען מיט ברייטע פּלייצעס, — בחורים, פאַר וועלכע די גאַנצע געגנט האָט מורא געהאַט. געווען זענען זיי אַלע דריי גנבים. פון איין תפיסה אַרויס אין דער צווייטער אַריין. די אלמנה האָט געוווסט, אַז זי האָט זינדיקע קינדער, נאָר זי האָט זיי דאָך ליב געהאַט און כּסדר געבעטן גאָט, אַז ער זאָל זיי מוחל זיין. תהלים האָט זי טאָג און נאַכט געזאָגט.

די זין, די דריי גנבים האָבן זייער ליב געהאַט די מאַמע. ווייל זי טוט תפלה פאַר זיי.

ווייל זי איז אַ גוטע מאַמע און זי האָט זיי ליב, נישט קוקנ-

דיק, וואָס זיי ברענגען איר אַזוי פיל יסורים.

ווייל אַלע האָבן אויף איר געטייטלט מיט די פינגער:

זין האָט זי אויסגעהאָדעוועט — מערדער, גזלנים...

זיי האָבן ליב געהאַט די מאַמען...

ווייל זי איז געווען אַ מאַמע.

און אָט איז זי געשטאָרבן.

די דריי קינדער זענען דאַן געווען אין דער „פּרעמד".

זוער פון זיי — אין תפיסה, ווער — אויף אַ שטיקל אַרבעט.

די גאַנצע געגנט האָט געקענט דידאָזיקע חברה. פּאָליציי

האָט מיט זיי שטענדיק צו טאָן, נאָר יענע זענען זייער פלינק געווען.

די אַלטע מאַמע פון די גנבים איז געשטאָרבן. האָט דאָס שטעטל באַשלאָסן, אַז די מאַמע פון אַזעלכע קינדער טאָר נישט באַגראָבן ווערן מיט לייטישע מענטשן צוגלייך, און מען האָט איר געגעבן אַ פּלאַץ אונטערן פּאַרקאַן.

עס זענען אַפילו געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געבעטן פאַר איר: ס'טייטש, וואָס איז זי שולדיק? זי איז דאָך פרום און גוט געווען.

נאָר עס האָט נישט געהאָלפן. די אַלטע איז געלעגן אונטערן פּאַרקאַן נעבן די זעלבסטמערדער, נעבן אַלע זינדיקסטע.

אַ צייט איז אַריבער נאָך דער אַלטערס טויט

האָבן זיך עס די דריי בנים דערוווּסט, און זיי זענען אַלע געקומען צולויפן קיין מסטיבאָווע.

זיך אָפּרעכענען מיט די בעלי-בתים.

אויפן שטעטל איז אָנגעפאַלן אַ פחד. מען האָט געפּרווּוט זיי געבן געלט, אַבי זיי זאָלן אָוועקפאָרן פון דאַנעט.

צום רב זענען זיי געגאַנגען און אים גוט אויסגעזידלט, קיין געלט האָבן זיי נישט גענומען.

— אַ מאַמען פאַרקויפט מען נישט פאַר געלט.

און די אַלע דריי האָבן געשמאַק קדיש געזאָגט נאָך זייער מאַמען און אַרויסגעגאַנגען זענען זיי מיט בייזע בליקן. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אַ סקאַנדאַל געמאַכט.

מענטשן האָבן מורא געהאַט.

אַזעלכע דריי גזלנים, וועג-גזלנים.

אָפט פלעגן זיי אין בית-המדרש נאָכן קדיש אָנהייבן רעדן צו ווערמען:

—פאַרוואָס האָבן זיי איר, דער פרומער מאַמע זייערער, אַזאַ חרפה אָנגעטון?

אונטערן פּאַרקאַן...
ווי אַ מיאוסן נפש באַגראָבן.
נאָר מענטשן פלעגן ענטפערן
—פאַרפאַלן, באַגראָבן איז באַגראָבן

און אַנדערע פלעגן זאָגן:

—אויב זי האָט פאַרדינט, וועט איר גאָט סיי-ווי-סיי אין גן-עדן אַריינגעמען.

די דריי געטרייע זין האָבן זיך, אָבער, מיט דעם נישט באַנוגנט.

און אין דער לעצטער נאַכט זענען די דריי ברידער אַרויס אָפּטאָן גאָר אַן אומגעווייינלעך שטיקל אַרבעט:

זיי האָבן אויסגעגראָבן דעם קערפּער פון זייער מוטער. אויסגעגראָבן אַ נייעם קבר, וווּ עס ליגן די שענסטע לייט פון מסטיבאָוו און דאָרט זי באַגראָבען.

דאָס איז געווען אַ שווערע און אַ געהיימע אַרבעט. זיי האָבן געאַרבעט פאָרזיכטיק, די גנבים. קיינמאָל האָט זייער האַרץ אַזוי נישט געקלאַפּט.

טאָמער שטערט מען זיי.

מיט לאַמטערנעס האָבן זיי באַלויכטן דעם קבר און גע-גראָבן, געגראָבן...

שווייגנדיק זענען זיי אַלע געווען, די זינדיקע בנים, נאָר זייערס האָבן זיי אויסגעפירט.

זאָל די וועלט וויסן, אַז אַ מאַמע איז הייליק, אַז פאַר אַ מאַמען מוז מען האָבן דרך-ארץ.

צילקע האָט זיך דאָס אַלץ דערוווּסט און זי איז געווען צוטומלט פון דער גאַנצער געשיכטע.

גנבים, ביינאַכט, אויפן בית-עולם...

זי איז אַרומגעגאַנגען צווישן די מענטשן, געטרעטן דעם שניי מיט גרויסע שטיוול, נאָר זי האָט נישט געהערט, וואָס מענטשן רעדן צו איר.

איין זאַך האָט זי געטראַכט, אַז אויך איר מאַמע ליגט דאָ אויפן בית־עולם. אונטער וועלכער מצבה — האָט זי נישט געוווסט. אַלע מצבות זענען פאַרשאָטן מיט שניי.

זי האָט נאָר געהערט עטלעכע פראַזן:

די גנבים סטראַשען, אַז אויב מען וועט איצט אָנרירן זייער מאַמע, וועלן זיי דאָס גאַנצע שטעטל אונטערצינדן.

—די גנבים האָבן גוט געטון, האַ ? צילקע...

דאָס האָט פרויקע בּאַראַש אַריינגעשריגן צו איר אין אויער אַריין.

און ער האָט זיך צולאַכט.

שטענדיק לאַכט ער, דער פרויקע, און שטענדיק קוקט ער מיט אַזעלכע דורשטיקע אויגן אויף איר.

זי וויל אַוועקגיין פון אים, גייט ער איר נאָך און שפּאַסט פון איר אויסזען, פון אירע שטיוול..

—ווען דו וואָלסט געווען אַ בחור, צילקע, נישט קיין מיידל, ווען דו וואָלסט געווען אַ בחור, וואָלט מען מיט דיר געקאָנט מאַכן אַ גוטן שנאַפּס.

זי אַנטלויפט פון אים. אַ ברוגז׳ע און אַן אָנגעשראָקענע.

דערנאָך האָט צילקע לאַנג געהאַט צו רעדן מיט דער אַלטער ניכע וועגן דעמדאָזיקן געשעעניש.

די מומע ניכע האָט געהאַלטן, אַז די גנבים האָבן נישט געטאָרט אויסגראָבן דעם קבר, ווייל דאָס, וואָס די ערד נעמט אַריין, טאָר מען מיט געוואַלט נישט אַרויסנעמען.

און צילקע האָט פאַרטיידיקט די גנבים.

—איך וואָלט אויך אַזוי געטון,—האָט זי געזאָגט צו דער מומען און יענע האָט נישט אָפּגעענטפערט.

עס האָבן זיך איצט געצויגן לאַנגוויילקע נאַסע און נעבלדיקע טעג. דער פרילינג האָט זיך לאַנגזאַם צוגערוקט.

אין וואַלד איז אַלץ נאַס געווען פון צוגאַנגענעם שניי און פון

נעפל. דאָס טייכל האָט גענומען וואַקסן ברייטער און העכער און איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די וועלט גייט אונטער: אָט אַזאַ שניעק, אַזאַ שמאָל טייכל האָט זיך צו־גאָסן לאַנג און ברייט. אַ שטיק וואַלד האָט עס פאַרגאָסן און די סאָסנעס זענען געשטאַנען ביז די קני אין וואַסער און געשפיגלט זיך אין זיין מוטנעם גלאַנץ. אין דער הויך האָט גערוט אַ שטיק בלאָער הימל, וועלכן ווייסע וואָלקנס האָבן פון צייט צו צייט פאַרשלייערט... דאָס וואַסער האָט שוין באַלד דערגרייכט ביז צו איסר׳ס שטוב.

צילקע איז געשטאַנען אויף די טרעפּלעך פון זייער הויז און געקוקט אויף די שטראָמען, וועלכע האָבן זיך דאָ לאַנגזאַם, דאָרט האַסטיק גערירט, אויפן פלאַך פון וואַסער האָבן זיך געזען פאַראַיאָריקע בלעטער, סכך-נאָדלען און משונהדיקע אויסגעטרו־קנטע גראָזן.

די לופט אַרום איז פייכט און פריש געווען. עס האָט געמינ־טערט דעם גאַנצן וואַלד.

אפשר שוין אַמאָל צען האָט צילקע אויסגעשריגן:

—מומע, קום אַרויס, קום זען דאָס וואַסער.

און די מומע פלעגט צולויפן אויף אַ רגע און זיך גוטמוטיק בייזערן:

—וואָס איז דאָ? קיין וואַסער האָב איך נישט געזען?—און צוריק אַריינלויפן אין שטוב אַרבעטן:

מען האָט נישט געזען פון וועלכער זייט דאָס וואַסער קומט. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס שטראָמט פון דר׳ערד אַרויס און צילקע האָט געוואַלדיק געוואָלט, אַז דאָס זאָל נישט אויפהערן. זאָל זיך דאָס וואַסער נישט פאַרקלענערן, זאָל עס זיך אויפהייבן הויך, הויך.

אַז זי מיט דער מומען ניכע זאָלן זיך דאַרפן אויפן בוידעם באַהאַלטן.

שפּעטער איז געקומען שלמה פון דער גוראַלניע, ער האָט זיך געקליבן אין שטאָט אַריין

—גריסט דאָרט סאַשען, בעט אים ער זאָל קומען אויף

זומער, איך וואַרט אויף אים.

שלמה האָט אַ שמייכל געטון:

—און ער אויף דיר וואַרט אויך?

צילקע איז אומעטיק געוואָרן פון דער פראַגע. נאָר באַלד האָט זי זיך באַרויקט... זומער, זומער... ווען ער מוזן קומען... זומער וועט דאָס זיין גוט.

און זי האָט אַ קוק געטון אין דער טיפעניש פון וואַלד: דאָרטן האָבן זיך געזען עטלעכע הויפנס שניי. האָט זי באַקומען אין דער רגע אַזאַ פאַרלאַנג: כאַפּן אַ בעזעם און אויף גיך־גיך פאַרקערן דעם גאַנצן ווינטער. אויף גיך־גיך פאַריאָגן די לאַנג־ווייליקע טעג.

פאַר סאַשען זאָל קומען דער זומער.

פאַר אַלע אירע אומבאַוווּסטע האָפנונגען.

פאַר דער מומען, פאַר דעם שווייגנדיקן טאַטן, וועלכער פאָרט אַלץ צוליב לוריעס עניינים.

זאָל גיכער קומען דער זומער, פאַר דעם וואַלד. פאַר אַלע וועווריקעס, פאַר דער מומען ניכע, וועלכע וועט עפענען אַ פענ־סטער און נעמען דעם טייטש־חומש אין האַנט...

ווי אין אַלע זומערדיקע שבתים.

איבער נאַכט האָט זיך דאָס וואַסער געהאַלטן אויף איין הויך, באַגינען האָט עס זיך גענומען איינציען. די סאָסנעס האָבן באַפרייט זייער קני. דער גאַנצער וואַלד האָט לייכט געאָטעמט מיט אַ קיל ווינטל. דאָס לעצטע ביסל שניי איז פאַרשוווּנדן גע־וואָרן.

און אַלץ האָט אויף עפּעס געוואַרט. צילקע אויך.

## III

# סאַשאַ לוריע.

אַ שטיפער איז ער געווען אין זיין קינדהייט. אַ שטאָלצער יינגל, וועמען עס האָט זיך שטענדיק אויסגעדוכט, אַז אַלץ קומט אים, אַז אים, סאַשען, טאָר מען אין קיין זאַך נישט אָפזאָגן. אין שולע זענען די לערער מיט אים זיך ווייכער באַגאַנגען. זיין רייכן יחוס האָבן אַלע געוווסט, ער איז געווען אַ פעיקער און אַ פוילער, האָט שטענדיק געוואָלט, אַז אַלץ זאָל אַליין קומען אין מויל אַריין.

און שטאָלץ איז ער פון שטענדיק אָן געווען. לערנען האָט ער נישט געוואָלט, נאָר אַז אַ שילער זאָל אים איבעריאָגן, באַקומען אַ בעסערן „באַל" פאַר אים, דאָס האָט ער נישט געדולדעט.

אין אַלצדינק אַזוי:

האָט ער געקליבן אַ קאָלעקציע מאַרקעס, האָט זיין קאָלעקציע געמוזט זיין די בעסטע. זיינע ליזשוועס צום גליטשן זיך — די בעסטע, זיינע ביכער אין די בעסטע באַנדן.

ער איז דאָך לוריעס אַ זון, אים האָט מען דאָך פון ערשטן טאָג זיינעם געקעכלט.

די לוריעס...

מיט אַ גרויס דרך-ארץ פלעגט מען דערמאָנען זייער נאָמען. זיי זענען געווען יחסנים, רייכע מענטשן און דערצו מיט גוטע כאַראַקטערן, זיי פלעגן אַלעמען העלפן.

זיי האָבן געהאַט אַ קאָטש מיט צוויי שוואַרצע פערד. די איינציקע יידישע קאָטש אין שטאָט. צום גימנאַזיום פלעגט די קאָטש צופאָרן און סאַשקעלע מיט די ביכער פלעגט, ווי אַ יונגער פּרינצל אַהיימפאָרן.

די גאַנצע גאַס פלעגט נאָכקוקן: זעט נאָר! אַזאַ יינגל נאָך און פאַר אים שפאַנט מען עס איין אַזעלכע צוויי שיינע פערד. אין אַ קאָטש פאָרט ער מיט גומענע רעדער... מען האָט מקנא געווען אוז מען האָט באַוואונדערט זייער רייכקייט.

די לוריעס...

זיי האָבן געשעפטן מיט אויסלאַנד, דער גובערנאַטאָר קומט צו גאַסט צו זיי און דאָך זענען זיי נישט קיין שטאָלצע מענטשן, פירן זיך יידישלעך—אויף וויפל אַזעלכע גבירים קאָנען זיך פירן.

סאַשע איז געווען זייער האָפנונג, סאַשען האָט מען זייער ליב געהאַט.

און דאָס רונדע גימנאַזיסטל האָט געהאַט די בעסטע חברים, אַלע האָבן זיך מיט אים געחברט.

דערנאָך, ווען פון יינגל איז אַ בחורל געוואָרן, האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ גימנאַזיסטין. די שענסטע פון שטאָט איז זי געווען. אַלע גראָדנער האָבן פון איר שיינקייט גערעדט, אַלע— אפילו אָפיצירן—האָבן שטאַרקער צוגעקלאַפּט מיט די שפּאָרן, ווען יענע פלעגט פאַרבייגיין די סאָבאָרנע גאַס. און אפשר דערפאַר, ווייל אַלע האָבן גערעדט פון איר האָט זיך סאַשע אין איר פאַרליבט.

זי איז געווען פון אָרעמע עלטערן און ער פון די לוריעס, נאָר ווי אַזוי עס איז געשען? דאָס מיידל האָט פון אים נישט געוואָלט וויסן:

—דער „בוק" געפעלט מיר נישט.—סאַשע איז געווען אַ

דיקער, אַ רונדער, כאָטש מיט זייער אַ סימפּאַטישער ווייכער שטים און מיט גלאַנציק-שוואַרצע אויגן.

„בוץ" האָבן אים גערופן זיינע שונאים און די גרעסטע באַליידיקונג איז דאָס געווען פאַר אים, ווען ער פלעגט עס הערן. ער פלעגט דאַן אַריין אין כעס און טופען מיט די פיס און שרייען.

—דער „בוץ" געפעלט מיר נישט,—האָט די גימנאַזיסטקע געזאָגט און אַרומגעשפּאַצירט מיט אַנדערע בחורים און אפילו מיט אָפיצירן.

מיט אַלעמען, נאָר נישט מיט לוריעס זונדל.

דאָס איז געווען אין זיין לעבן די ערשטע מפּלה.

פאַר דעם נייגצן-יעריקן בחור איז דאָס געווען גענוג, ער זאָל ווערן אויף אַ לענגערע צייט מרה-שחורהדיק און געענדיקט האָט זיך דאָס מיט אַ גרויסער דאָזע מישיאַק, פון וועלכער מען האָט אים קוים אָפּגעראַטעוועט.

אַ לאַנגע צייט נאָכדעם האָט ער נאָך אַלץ גערעדט, אַז ער וועט זיך דאָס לעבן נעמען, מען האָט אפילו ביי אים שוין געפונען אַ רעוואָלווער, נאָר קיין קוילן האָט ער צו אים נישט געהאַט.

פון די אַלע איבערלעבענישן איז פון „בוץ" געוואָרן אַ תל. ער איז געוואָרן דאַר און שווייגנדיק, האָט אויפגעהערט צו לערנען, איז אַנטלאָפן פון זיינע אַלע חברים.

שפּעטער איז מען מיט אים אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד, אַרומגעפירט אים פון בערלין קיין פּאַריז, פון פּאַריז קיין ציריך. דאָרט האָט ער זיך אַ לענגערע צייט פאַרהאַלטן, האָט זיך באַרויקט און גענומען ווייטער שטודירן.

אין ציריך און אין אַנדערע שטעט פון דער שווייץ האָט ער פיל באַקאַנטע און פריינט געהאַט. עס איז געווען אַ צייט, ווען די גאַנצע יוגנט האָט געברענט מיט בלוטיקן האַס צום צאַריזם. עס האָבן זיך גרופירט אַלץ נייע פּאַרטייען, די רוסישע עמיגראַנטן און צווישן זיי טויזנטער יידישע יונגעלייט האָבן געהאַט איין חלום. איין שטרעבונג פּטור צו ווערן פון דעספּאָטיזם,

אָרגאַניזירן די אַרבעטער. יעדן טאָג—מיטינגען, פאָרלעזונגען, רע־פעראַטן. סאַשאַ לוריע האָט זיך אויך געפלאָנטערט און דעמדאָזיקן עולם, נאָר ער איז צו קיינעם נישט צוגעשטאַנען.

ער פלעגט פון צייט צו צייט העלפן מיט באַדייטנדע סומען געלט דעם און יענעם פון די רעוואָלוציאָנערן.

עס האָבן שוין פיל געמיינט, אַז ער ווערט זייערער. ניין, אויף מאָרגן פלעגט ער גאָר אַוועקפאָרן אין די בערג מיט אַ נייער „באַקאַנטשאַפט". פרויען האָבן אים ליב געהאַט און געלט האָט ער געהאַט מער פאַר אַלעמען. פון גראָדנע פלעגט מען שיקן איבערגענוג.

ער האָט געלערנט און זיך געגרייט צו אַ דיסערטאַציע. ער איז אויסגעוואַקסן און זיין פנים האָט זיך אויסגעאיידלט. אין די בערג פלעגן אים די טוריסטן אָננעמען פאַר אַ מזרח-טיפּ. ער פלעגט אָפּשטעלן מיט זיין אויסזען און פלעגט זיך רויק שפּרייזן מיט זיינע ברייטע און זיכערע טריט. זעלטן ווען פון עפּעס זיך אָנצינדן, זעלטן ווען אויסערלעך רעאַגירן אויף פיל געשעענישן דאָן, בעת אַנדערע פלעגן זיין איבערראַשט.

אַ וועלט פאַר זיך איז ער געווען. אַזאַ איינער, וואָס האָט מיט זיין אויסערלעכער רויקייט און אָפּגעזונדערטקייט געצוווּנגען צו אויפמערקזאַמקייט.

אויף פאַרזאַמלונגען, ווו ער פלעגט קומען פון לאַנגווייליקייט, פלעגט ער זיך צוהערן און אָפּקומען מיט אַ לאַקאָנישער פראַזע.

נישט איינמאָל האָט מען פון אים געהערט אַזעלכע פראַזן:

—צופיל מענטשן זענען פאַראַן אויף דער וועלט, צופיל...

מען וועט זיך נישט אָנטיילן מיט גאָטס גאָב, מען וועט זיך אייביק רייסן און זאָל מען זיך רייסן, אַמאָל איז עס גאַנץ אינטערעסאַנט.

—אָבער סאַשאַ, איינער אַרבעט פאַר דעם צווייטן, איינער פאַר אַלעמען, אַלע פאַר איינעם...

פלעגט ער באַמערקן, אַז מען וויל אים אַריינפירן אין אַ דיסקוסיע און דאָס האָט ער זייער נישט ליב געהאַט, כאַפּט ער־

זיך און רעדט שאַרף אַרויס זיין שטענדיקן פּעסטן: „נאַפּליעוואַט״ און רוקט זיך אָפּ פון עולם.

און דאָך האָבן פיל גערעדט, אַז ווען ער וואָלט וועלן — אַ גרויסאַרטיקער אָראַטאָר וואָלט ער געווען — אַ טוער, אַ מענטש וועלכן אַלע וואָלטן געפאָלגט. פאַרשידענע גרופּן האָבן אים גע-רופן צו זיך. ער פלעגט שמייכלען:

—אַמאָל געפעלט מיר די וועלט, אָט אַזוי ווי זי איז זיך מיט אַלע אירע פריידן און ליידן און דאַן ווען זי געפעלט מיר נישט, געפעלט זי מיר נישט מיט אייך אַלעמען, מיט די אַלע, וואָס ווילן זי איבערמאַכן און גייט זיך געזונטערהייט!

קיינער פלעגט זיך אויף אים פאַר זיינע שאַרפע ענטפערן נישט באַליידיקן, נאָר עס פלעגט פאַרדריסן: אַ שאָד, אַזאַ יונגער און באַגאַבטער מענטש און לעבט אָן אַ ציל.

אָפּט, אַז ער פלעגט באַקומען פון דערהיים אַ גרעסערע סומע געלט, פלעגט ער אַוועקפאָרן אין מאָנטע-קאַרלאָ און פטר'ן די פּאָר גראָשן און קומען צוריק אַ פריילעכער אַ מונטערער.

—אַ מחיה געווען, אין איין שעה געווען אַ מיליאָנער און ווידער אויס. דער קאָפּ האָט געברענט, די נערוון האָבן געציטערט, אַ וועלט מיט איבערלעבונגען דאָרט אין מאָנטע-קאַרלאָ, אין גיהנם פון גאָלד.

מען פלעגט אויף אים קוקן מיט אַ לייכטער פאַראַכטונג פאַר אַזעלכע מעשים, פּאָרט אַ קינד פון דער בורזשואַזיע, ער וועט שוין אַנדערש נישט ווערן.

און דאָך אַזוי נישט לערנענדיק, האָט ער אַ סך דערגרייכט און האָט געענדיקט דעם פאַקולטעט בעסער פאַר אַלעמען. ער האָט שטענדיק געלאַכט פון ביכער און פון די מענטשן און דאָך האָט ער זיך אַזוי, נישט ווילנדיק, איבערגעלייענט כמעט אַלע קלאַסיקער, האָט זיך אינטערעסירט מיט באָטאַניק און אַסטראָנאָ-מיע און דאָס, וואָס אים איז שוין אַריין אין קאָפּ איז שוין צוריק נישט אַרויס. און פלעגט ער דיספּוטירן, איז ער געווען אַן אָפּאָנענט, מיט וועלכן מען האָט זיך שטענדיק גערעכנט.

נאָר קיין זאַך איז נישט געווען ביי אים דער עיקר, נישט

דאָס לערנען און נישט מאָנטע-קאַרלאָ און נישט אַוואַנטורעס מיט די פרויען.

—צוליב וואָס לעבסטו?—פלעגט מען אים פרעגן.

—אַ מאָדנע פראַגע,—פלעגט ער ענטפערן.

—יעדערער האָט אַ ציל.

—און וואָס האָט מען פון ציל?

—אַי, מען קאָן מיט דיר נישט רעדן, סאַשאַ?

—טאָ רעד נישט...

און זיין אויסגעקעכלטער קערפער פלעגט זיך שטייף אויס-ציען, ער פלעגט אין אַזעלכע רגע׳ס קוקן אָן דער זייט מיט אַ פאַרדרוס פון אַ פרינץ, וואָס מען האָט עפּעס מיט אַ נאַרישקייט געשטערט.

איינמאָל האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ געשיכטע מיט אַ פרוי און צוליב דערדאָזיקער היסטאָריע האָט אים אַ קריסטלע-כער סטודענט באַליידיקט מיט אַ גראָב וואָרט. דער גראָדנער לוריע האָט אויפגעהויבן זיין פעסטע האַנט און געפּאַטשט.

איז געוואָרן אַ טומל אין דער קאָלאָניע. אַ דועל, עס וועט זיין אַ דועל.

מען האָט סאַשען אַרויסגערופן זיך שלאָגן אויף שפּאַגעס. האָט ער זיך קאַטעגאָריש ענטזאַגט:

איך האָב פיינט די קינדערשע קונצן. איך וועל אים אַ קראַץ טאָן אָדער ער—מיר. איך האַלט נישט פון די נאַרישקייטן. זענען צו אים פיל צוגעשטאַנען:

—עס וועט פאַלן אַ פלעק אויף אונז, יידן זענען פחדנים—וועט מען זאָגן.—עס האָט געקאָכט און גערודערט און סאַשע האָט זיך געלאָזט איבעררעדען.

—גוט, איך וועל זיך מיט אים שלאָגן, נאָר נישט אויף שפּאַגעס, איך וויל פון דעם קיין שפּאַס נישט מאַכן... אויף רע-וואָלווערן.

האָבן זיך ביידע צדדים דערשראָקן: עס קאָן זיך ענדיקן מיט טויט. נאָר סאַשע לוריע האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס. און ער האָט אויסגעפירט.

מען האָט אויסגעאַרבעט תּקנות. די סעקונדאַנטן האָבן זיך
געסטאַדעט, וואָס לייכטער זיי צומאַכן.

און אין אַ העלן פאַרטאָג איז עפּעס אַ פרעמדער „פּריץ" פון
באַוואַריען מיט אַ פרעמדן סאַשאַ לוריע פון גראָדנע געשטאַנען
איינער אַנטקעגן צווייטן מיט רעוואָלווערן.

דער ערשטער האָט געשאָסן דער געפּאַטשטער און נישט
געטראָפן. לוריע איז געווען זייער רויק, ער האָט שווער פאַר-
וווּנדעט זיין געגנער. ער האָט נאָך לאַנג געהאַט צוטאָז דאַז מיט
דער פּאָליציי פון שווייצאַריען.

ער איז געוואָרן אַ העלד ביי אַ סך. נאָר ער האָט עס גע-
האַלטן פאַר דאָס נאַרישסטע, וואָס ער האָט אין זיין לעבן אָפּגע-
טאָן. דאָס איינציקע, וואָס אים האָט געטרייסט איז געווען דאָס,
וואָס אין יענעם פרימאָרגן בעת ער האָט געשאָסן איז געווען אַ
זעלטן שיינער זונאויפגאַנג און די בערג זענען געווען וווּנדערבאַר
באַלויכטן.

עס האָט זיך ביי אים אין האַרצן איינגעבאַקן יענער פרי-
מאָרגן.

אַ לאַנגע צייט האָט ער זיך נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס
מענטשן האָבן אים געצוווּנגען נאָכצוטאָן זייערע נאַרישקייטן.

נאָך דעם צופאַל מיטן שיסן זיך האָט ער לאַנג גע-
רייזט איבער איטאַליען. איינער אַליין איז ער אַרומגעקראָכן אין
די בערג,ביים ברעג ים. און ליבער פאַר אַלץ האָט ער געהאַט
זיך פאַרפּלאָנטערן אין די רואינען פון אַלטע איינגעפאַלענע שלע-
סער. ער האָט מיט נייגעריקייט געקוקט אויף דאָס חרוב-געוואָ-
רענע און האָט אַליין נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס עס טוט אים
שטאַרק הנאה, בעת ער זעט, אַז אַלץ ווערט חרוב.

נאָך דער רייזע האָט ער זיך אַוועקגעלאָזן צוריק אַהיים.

אַוועקגעפאָרן איז ער אַ יונג בחורל מיט רונדע פּלייצעס.
אַנטלאָפן פון זיין ערשטער מפּלה אין לעבן, כּון דער נישט איינ-
געגעבענער ליבע, און צוריקגעקומען קיין גראָדנע שוין אַן על-
טערער בחור מיט אַ דיפּלאָם, וועלכן ער האָט גאָרנישט געפּרוווּט
אויסנוצן צו עפּעס.

ער איז געקומען צום רייכן טאַטן און זיך ביי אים אָוועק־געזעצט.

נאָך די בערג, נאָך דעם אויסלענדישן טומל האָט אים איצט גראָדנע אויסגעזען ווי אַ דערפל, אַלץ—אַלע מענטשן, אַלע הייזער, אַלץ, אפילו זיין אַמאָליקע ליבע. וויאַזוי האָט ער זיך דאָס געקאָנט פאַרליבן און זיפצן פון ליבע און סמען זיך געוואָלט צוליב ליבע? ניין, דעמלט איז געווען אַן אַנדער סאַשע.

וואָס האָט ער געבראַכט פון אויסלאַנד?

אודאי איז ער איצט געווען אַ געבילדעטער מענטש, נאָר קיינעם האָט זיין בילדונג קיין נוצן נישט געבראַכט און אים אליין אויך נישט.

ער האָט גאָרנישט געטאָן.

מיט אַ סקעפּטישער גוטמוטיקייט פלעגט ער באַגריסן מענ־טשן און גיין צו זיי.

אמת, נישט אָפט, דער גרעסטער טייל פון זיין צייט איז אַריבער אויף דעם טאַטנס ווייכע קאַנאַפּקעלען, ער פלעגט אַ סך שלאָפן, אַ סך עסן.

אַמאָל אַרויסשלעפּן עפּעס אַ בוך און האַלטן זיך מיט אים אַביסל צייט. און ווידער זיך פאַרקלערן.

ווער ווייס פון וואָס.

אַ לאַנדשאַפט פון דער שווייץ, אַ פאַרנאַכט, אַ באַגעגעניש פלעגט פאַרביישוועבן און... מען דאַרף גיין שפּאַצירן אויף דער סאָבאָרנע.

אַזעלכע לאַנגווייליקע טעג און אַזאַ לאַנגווייליקע גאַס די סאָבאָרנע מיט די גימנאַזיסטלעך, וועלכע קוקן אויף אים מיט דרך־ארץ, אַ קלייניקייט! ער האָט אַזוי פיל יאָר אין אויסלאַנד שטודירט, ער איז אַזאַ געבילדעטער!

זעלטן האָט זיך אים איינגעגעבן צו געפינען מיט וועמען צו פאַרברענגען, רעדן, שפּילן זיך אויף דעם רויקן ניעמאַן.

סך מאָל פלעגט מען אים זען איינזאַם זיצן אויף אַ באַנק אין גאָרטן, שטענדיק אין נייע קליידער, נאָר אייביק און אומע־טום אין דעם זעלבן אָפּגעקראָכענעם גראָען קאַפּעליוש, וואָס ער

האָט געבראַכט פון אויסלאַנד.

אַלץ האָבן מענטשן פאַרשטאַנען:

לוריעס קדיש איז געפאָרן קיין אויסלאַנד זיך לערנען, וועך דען זאָל פאָרן לערנען אין אויסלאַנד אויב נישט אַזאַ גבירס אַ זון? לוריעס זונדל איז צוריקגעקומען פון אויסלאַנד אַן אויסגעבילדעטער און טוט גאָרנישט... איז וואָס? נאָר די רייכע קאָנען זיך דאָס דערלויבן.

לוריעס זונדל שפּילט אין קאָרטן אין קלוב מיט די אָפּיצירן און אַמאָל שכורט ער אויך מיט זיי. מענטשן האָבן דאָס אַלץ פאַרשטאַנען.

נאָר איינס האָבן זיי נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַזאַ סאַשקע לוריע טראָגט אויף זיך אַזאַ אַלטן אָפּגעקראָכענעם קאַפּעליוש? און דער סאַשקע טוט זיי אַלעמען צו להכעיס. אומעטום און שטענדיק מיט דעם זעלבן גראָען קאַפּעליוש.

די מיידלעך פלעגן אים שוין פון דערווייטנס דערקענען צוליב זיין גראָען הוט...

צום מיינסטנס פלעגט ער שפּאַצירן אַליין אויף די שמאָלע גראָדנער טראָטואַרן, אין די באַשיידענע קרעמלעך האָט מען געהאַנדלט, מאַמעס האָבן געקלערט וועגן חתנים פאַר זייערע טעכטער און די פּראָווינציעלע מיידלעך האָבן זיך געפירט זייערע ליבעס מיט די פאַרליבענישן.

אַמאָל אַ לויה...

אַמאָל אַ חתונה...

אַמאָל אַ שרפהלע, אַ באַנקראָטל!..

מיט וואָס לעבט אַזאַ שטאָט?

נאָר דער דיקער יונגערמאַן מיט זיין אייביקן קאַפּעליוש, מיט זיין בליק, וועלכער האָט, דאַכט זיך, אויף קיינעם און אויף גאָרנישט געקוקט, לוריעס זון האָט עפּעס אַ ניי פאַרב צוגעגעבן צום גראָען לעבן פון דער שטאָט.

און אַז וועלכע עס איז פון די פרײלינס פלעגט אַמאָל פאַרביישפּאַצירן מיט אים, פלעגט עס אַרויסרופן אַ וווּנדער, אַ ביי גערי קייט:

— האָ, האָ! זי שפּאַצירט שוין מיטן גראָען קאַפּעליוש„,

— זי שדכנט זיך צו זיין טאַטנס מיליאָנען.

מען האָט שוין אַזאַ מקנא געווען. נאָר סאַשע לוריע האָט נישט געטראַכט פון קיין שדוכים און די גאַנצע שטאָט מיט אַלע אירע זאָרגן און טומלענישן איז אים זייער ווייניק אָנגעגאַנגען.

עס האָט אויסגעדוכט, אַז ער איז פון ערגעץ אַראָפּגעפאַלן אין אַ טאָל אַריין און קאָן זיך פון דאַנעט נישט אַרויסקריגן. עס האָט אויסגעדוכט, אַז ער קומט דאָ אָפּ גלות.

פון אויסלאַנד פלעגט ער באַקומען פיל דייטשע און פראַנצויזישע זשורנאַלן. איינמאָל אין חודש פלעגט ער זיך צוכאַפּן צו דעם — בלעטערן, בלעטערן און אַוועקוואַרפן...

לאַנגווייליק איז אים פיל מאָל געווען און די לאַנגווייליקייט פלעגט אָפּסמען זיין גאַנצן ווילן, צונעמען ביי אים דעם מוט אַוועקצופאָרן פון דאַנעט — זאָל עס גיין, ווי עס גייט.

און ברענגען פלעגט עס צו מאָדנע איינפאַלן:

סאַשע לוריע האָט זיך פאַרליבט אין הינט.

מאָפּסן, בערנאַרדן, יאַגד-הינט. דאָס איז געווען אַ לאַנגע ליידנשאַפט ביי אים.

ער האָט אָנגעהויבן קויפן הינט, זוכן ביי אַלע יעגערס די בעסטע מינים. פלעגט אים איין „נפש" דערעסן איז באַלד דאָ אַ צווייטער.

דער ליידיקגייער האָט זיך געוויילט מיט די כּלבים.

די שכנים האָבן געלאַכט און טאַטע-מאַמע האָט עס געדולדיק איבערגעטראָגן. ביי זיי איז ער נאָך אַלץ געווען דער קליינער סאַשעלע, וועמען מען באַדאַרף אַלץ נאָכגעבן.

אין יענע טעג האָט מען סאַשען אַליין קיינמאָל נישט געזען: יעדעס מאָל האָט אים באַגלייט אַ פיר־פיסיקער חבר.

אַז מענטשן האָבן אַזאַ רייכקייט.

אַז קיין זאָרגן זענען נישטאָ.

חברט מען זיך מיט כּלבים. פאַרפאַלן! הינט באַדאַרפן אויך לעבן און זיי פילן זיך גאָרנישט שלעכט, ווען זיי פאַלן אַריין אין אַזעלכע הענט.

וויפל מאָל פלעגט זיך ביי די לוריעס עפענען די טיר און „עפּעס״ אַן אָפּגעריסענער מענטש פרעגט:
—איר ט׳קויפן אַ הונט, אַן עכטע ראַסע...
—נישט איך,—פלעגט זיך דער אַלטער לוריע ווייצלען,—איך האַנדל מיט וואַלד, דאָס איז מיין זונס מסחר.—און עס פלעגט זיך דערהערן אַ קול:
—סאַשע, קום אַריין, מען האָט דיר געבראַכט סחורה.
און סאַשע פלעגט די סחורה באַטראַכטן און גלעטן...
אָבער אַלץ ביז אַ צייט. דאָס האָט אים אויך דערעסן און די בערנהאַרדעס מיט די כאַרטן זענען נעלם געוואָרן פון האָריזאָנט. ער איז ווידער געבליבן ביים גראָען אָפּגעקראַכענעם קאַפּעליוש...
אַמאָל מיט די ביכער.
אַמאָל אין קלוב מיט די אָפיצירן אין קאָרטן.
די שטאָט האָט אים פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט:
—ווען אַזאַ וואָלט וועלן, וואָלט ער דעם בעסטן שידוך געטון.
און געשעפטן... דער טאַטע זיינער ווערט אַלט. פרעמדע מענטשן קירעווען מיט דעם טאַטנס וועלדער און זעג-מילן.
אַזאַ ליידיקגייער.
אַזאַ אוממענטש...
און דאָך, קיין כעס האָט קיינער אויף אים נישט געהאַט.
און רופן פלעגט מען אים נישט אַנדערש ווי „סאַשקע״, כאָטש נישט אַלע האָבן אים פערזענלעך געקענט און ער האָט זיך זייער נישט גערן געחברט.
דער טאַטע, די קרובים פלעגן צו אים צושטיין:
—וואַרף שוין אַוועק די שמאַטע.
דאָס האָבן זיי געמיינט דעם גראָען קאַפּעליוש.
פלעגט ער לאַכן און גוטמוטיק קוועטשן מיט די פּלייצעס.
און אַז מען פלעגט ביים אַלטן לוריע פרעגן וועגן זיין זון—פלעגט ער ענטפערן:
—ער איז געווען אין אויסלאַנד, האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ

פאַרמעגן און געבראַכט האָט ער פון דאָרט אַן אַלטן קאַפּעליוש.

צי, דער קאַפּעליוש.

דער אַלטער האָט אָבער סאַשען זייער ליב געהאַט און געלט האָט ער אים געגעבן וויפל יענער האָט נאָר פאַרלאַנגט.

און אַוועק איז ביי סאַשען אַ פּעריאָד פון קאָרטן-שפּיל, ער פלעגט טעג נאָכאַנאַנד אין דערהיים נישט קומען און דער- ציילט האָט מען, אַז ער קאָן שפּילן דריי טעג נאָכאַנאַנד, ער שלאָפט זיך אויס אויפן שטול און שפּילט ווידער. נעמט ווייטון דער קאָפּ — בינדט מען אַרום מיט אַ האַנטוך, קאַלט וואַסער לייגט מען צו און ער שפּילט ווידער.

אינדערהיים האָט מען וועגן דעם געוווסט, נאָר קיינער האָט אים קיין וואָרט נישט גערעדט.

—ס׳וועט איבערגיין,— האָט דער אַלטער לוריע געזאָגט און ער האָט געקענט זיין בן.

אין איין שיינעם טאָג האָט סאַשע די קאָרטן אַוועקגע- וואָרפן, פאַרוואָס?

ער האָט דערפילט, אַז דאָס ווערט ביי אים דער עיקר און פאַר דעם האָט ער מורא געהאַט מער ווי פאַר אַלץ.

ווערן אַ קנעכט פון ליידנשאַפט, האָט ביי אים געהייסן זיין אין גיהנם, און אינדערעמתן האָט ער ליב געהאַט אַביסל עולם- הזה...

פויל איז ער געווען און שלעפעריק צו אַרבעטן און אַן ערציונג האָט ער באַקומען, וועלכע האָט אים צום קאַמף מיטן לעבן נישט געצוווּנגען.

קיין נאַר איז ער נישט געווען. האָט ער זיך אַביסל גע- לאַכט פון דער קליינער גראָדנע און פון דער גאַנצער וועלט...

אויס קאָרטן...

ער האָט אפילו אין קלוב אויפגעהערט צו גיין.

עס איז געווען דאַן זומער, פלעגט ער יעדן פאַרנאַכט נע- מען אַ שיפל און פאָרן ווייט מיטן שטראָם און רייכערן ציגאַרן.

די פאָרלעך מיט די מיידלעך פלעגן שוין פון ווייטן אין דער פינסטער זיין שיפל דערקענען,

— דאָס איז דאָך סאַשע...

— דאָס פֿייערלט זיך זיין ציגאַר.

באַר דער גראָען קאַפּעליוש האָט ער נישט אָווּעקגעוואָרפֿן. אַ מאָדנע איינגעשפּאַרטקייט. עס קאָן זיין, אַז דער קאַפּעליוש האָט אים דערמאָנט זיינע סטודענטישע יאָרן אין אויסלאַנד... ס'קאָן זיין, יעדער מענטש האָט אין זיך אַזאַ קוריאָזע איינגעשפּאַרטקייט אין קלייניקייטן.

נאָך די קאָרטן האָט ער זיך עטלעכע וואָכן געגריבלט אין די ביכער, געגעסן און געשלאָפֿן.

סאַשע איז געשלאָפֿן ביינאַכט און סאַשע איז געשלאָפֿן בייטאָג, ער האָט אפשר אַליין נישט געוווּסט, ווי אָפּגעהיט זיין שלאָף איז געווען. די דינסטן פֿלעגט מען אָנזאָגן נישט צו קלאַפּן מיט די טירן, נישט צו רוישן...

און דער טאַטע אַליין פֿלעגט מיט זיינע סוחרים אַוועקגיין אין לעצטן חדר, כּדי דעם בן-יחיד נישט צו שטערן דעם שלאָף.

דער בן-יחיד האָט אָבער גאָרנישט געטון און דאָס האָט מענטשן געריסן די אויגן.

„מענטשן" זאָרגן דאָך איינער פֿאַר דעם צווייטן.

איז שוין דער אַלטער לוריע פֿיל מאָל צו אים צוגעשטאַנען:

— פֿאַר מיט מיר אין וואַלד אַמאָל. איך האָב אַזאַ פֿאַרמעגן, איך ווער אַלט, פֿאַר וועמען זאַמל איך דאָס אַלץ, — העלף מיר צו אַביסל...

סאַשע פֿלעגט קווענקלען מיט די פּלייצעס און גאָרנישט ענטפֿערן.

איינמאָל אָבער האָט ער אויף דעם טאַטנס בקשה יאָ עפּעס געענטפֿערט.

ער האָט דעם טאַטן אַ רגע אָנגעקוקט און ווי צו זיך אַליין געזאָגט:

— אפשר... מיר'ן פֿאָרן.

פֿאַר דער אַלטן איז דאָס געווען אַ פֿרייד. ער האָט וועגן זיין זון געהאַט אַ באַזונדערע מיינונג. ער האָט געטראַכט, אַז סוף כּל סוף וועט ער ווערן אַ מענטש, אַז אין אַ שיינעם טאָג וועט

ער דעם גראָען קאַפּעליוש אַוועקוואַרפן און אויסלאַנד מיט די אויסלענדישע משוגעתן וועלן זיך אויסוועבן.

סאַשע וועט נאָך ווערן אַ מענטש.

עס האָט זיך נאָך אַביסל צייט פאַרצויגן.

סאַשע האָט זיך נישט געאײַלט. די ווייסע קאָנאַפּקעלען האָבן אים, ווי צוגעשמידט צו זיך און דערצו האָט זיך אים עפּעס אויסגעדוכט:

ער איז געווען אין לאָסאָסנע, אויף דאַטשע, האָט ער דאָרט באַמערקט איינע... גאָר אַ פּראַכטפולע פיגור, אַ שווייגעדיקע, אַביסל אין זיין געשמאַק.

איז ער שוין עטלעכע מאָל געווען אין לאָסאָסנע, נאָר ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט אויף דעם.

אין איין קורצער פּראַזע האָט ער איינגעשלאָסן זיין מאָמענטאַלע אַנטציקונג און האָט געמאַכט אַ סוף מיט דעם:

„צופיל געבילדעט"

ער האָט זיך דער ערשטער דערמאָנט, וואָס ער האָט צוגעזאָגט דעם טאַטן און אים דערמאָנט:

—ווען לאָזן מיר זיך אין דיינע וועלדער?

—כאָטש מאָרגן!—דער אַלטער האָט אויף קיין רגע נישט געוואַרט, טאָמער קריגט סאַשע חרטה.

פאָרנדיק מיט אים אויף מאָרגן דורך די לאָנקעס אין וואַלד אַריין, האָבן זיי ביידע גערייכערט ציגאַרן און ביידע האָבן געשוויגן.

ביז זיי זענען געקומען אין וואַלד. דער אַלטער לוריע איז אַריינגעגאַנגען צו איסרן אָפּנעמען חשבון פון דער אַרבעט און סאַשע איז געבליבן ביים טייכל, וועלכעס איז געווען אַרומגערינגלט מיט הויכע סאָסנעס.

דער וואַלד האָט געזונגען. עפּעס האָט זיך גענומען בענקען ביי דעם בחור סאַשע אין דער נשמה.

ער האָט אַ שמייכל געטון:

„מיין טאַטע האָט וועלדער און ער האַקט זיי אויס".

וואָס פאַר אַ שיין לעבן מען וואָלט דאָ געקאָנט פירן, ווי

רויק מען וואָלט דאָ געקאָנט שלאָפן.
אָט אַזוי האָט ער געטראַכט.
אין דעם איז אָנגעקומען אַ באָרוועס מיידל, דאָס איז געווען צילקע.
סאַשע האָט זי דערקענט פון זיינע קינדער־יאָרן.
ער איז צו איר צוגעגאַנגען.
— אַזאַ מיידעלע געווען, אויסגעוואַקסן, האַ !?
דער וואַלד וואַקסט אויך, זאָל אים נאָר אייער פאָטער נישט אויסהאַקן...
עפּעס איז היימלעך געוואָרן אינגאַנצן וואַלד. רעדן האָט זיך פאַרוואָלט איינפאַכע גוטמוטיקע ווערטער...
טיף אין האַרצן, אומבאַוווּסטזיניק, האָט זיך סאַשע מיט עפּעס דערפרייט.
ווערטער האָבן זיך נישט געפונען.
איז זי אָפּגעגאַנגען צוריק צום טייכל און געקוקט אין דער גרינער העלקייט אַריין, אין טייכל געקוקט און געשוויגן.
זי איז געווען שלאַנק געבויט, און אפילו אין דעם פּראָסטן זומערדיקן קליידל האָט זי אויסגעזען נישט געוויינלעך.
עס געדויערט אַ לענגערע צייט זייער שווייגן. דער וואַלד האָט זיך דערווייל צוגעזונגען.
— איר זענט אַמאָל געווען ביי אונז אין גראָדנע? — האָט זיך סאַשע אָנגערופן.
— און אַנטלאָפן, — האָט צילקע איילנדיק געענטפערט.
— פאַרוואָס ?
— איך האָב דעמלט זייער ליב געהאַט דעם וואַלד...
— און היינט ? — איז סאַשע צוגעשטאַנען.
— היינט בין איך שוין אַ גרויסע, עס בענקט זיך נאָך מענטשן, עס ווילט זיך אַ סך מאָל זען, ווי די וועלט זעט אויס.
— די וועלט איז זייער גרויס און זייער קליין... — האָט סאַשע אָנגעהויבן.
— אַז איר וועט מיט מיר אַזוי רעדן וועל איך גאָרנישט פאַרשטיין, איך בין אַ פּראָסט מיידל.

אין דעם איז ניכע געקומען צולויפן.

—צילקע, מען באַדאַרף פאַר די געסט עפּעס מאַכן צום עסן, קום, העלף מיר.

די פרויען זענען פאַרשוואונדן אין הויז אַריין און סאַשאַ לוריע איז געבליבן אַליין ביים וואַסער, וואָס האָט אָן ווילן גע-רוישט און געקייקלט זיך ווייטער.

אַ ציגאַר האָט ער פאַררייכערט און געוואָלט טראַכטן, רויק טראַכטן, ווי זיין שטייגער איז געווען. נאָר עס האָט זיך נישט געטראַכט, ער האָט כסדר געקוקט אויף דעם גרויסן, איינשטאָ-קיקן הויז, וואָס איז געשטאַנען אַזוי נאָנט. פּראָסטע פענסטער, מיט נישט געפאַרבטע לאָדנס, די שפּאַלטן אין די ווענט זענען גע-ווען פאַרשטאָפּט מיט גרין-שוואַצן מאָך.

און פון אינעווייניק האָט זיך געטראָגן אַ געזאַנג. אויפגע-הערט און ווידער...

רייזקע זיצט אין פענסטער
און אסתר גייט פאַרביי,
אסתרקע, וואָס מאַכסטו!
—מיינער איז נישט טריי.

ער האָט זי שוין געהאַט גוט באַטראַכט, ווי אַ מבין, די בלאָע אויגן, דעם באַרג העלע האָר אויפן קאָפּ און די באָרוועסע פיס... אָט ווי מען וואַקסט דאָ אויס אין וואַלד!

עסן האָט ער נישט געוואָלט, איז ער אַוועקגעגאַנגען טיף אין וואַלד. געגאַנגען און געקלאַפּט מיט אַ שטעקן די ביימער. פונקט, ווי ער וואָלט אַלעמען אָנזאָגן: „איך בין געקומען״.

מיטאַמאָל פליט דורך אַ געדאַנק ביי אים אין קאָפּ:

„ווען אַזאַ וואָלט זיך ווייזן אין ניצע צי אין מאָנטע-קאַרלאָ!״

„אַזאַ פרישע שיינקייט״, „עס באַמערקט זיך אין אירע אויגן דער יידישער בליק. ווען זי וואָלט געווען אַ קריסטין... אויף די ביימער וואָלט זי פון ווילדקייט געקלעטערט״.

וועוט ער אין כעס אויף זיך:

„וואָס טראַכט איך אַזויפיל״ „יינגלשע שטיק״.

ווען ער איז אַוועקגעפאָרן צוריק מיטן טאַטן איז צילקע
דערביי נישט געווען און סאַשע האָט אַרומגעזוכט מיט די בליקן.
די זון איז פאַרגאַנגען און די רויט־מעשענע אָפּגלאַנצן זענען זיי
כסדר נאָכגעלאָפן, ווי עמיצער וואָלט אומישנע געפּאָכעט מיט
פייער.

קומענדיק צוריק אין גראָדנע, האָט ער פאַר עטלעכע מענ-
טשן דערציילט:

— פאַראַן דאָרט ביים טאַטן אין וואַלד אַ משרת, אַ שוויי-
גנדיקער ייד מיט אַ גרויסער באָרד, וואָס פאַרדעקט אים זיין מויל.
האָט דער ייד אַ טאָכטער...

און ער האָט גענומען אָפּט פאָרן אין דעם טאַטנס וואַלד,
וואָס איז געלעגן לעם דעם שטעטעלע מסטיבאָטע.

ער פלעגט פאָרן אויף דער ליניקע. די עטלעכע צענדליק
וויאָרסט פלעגן זיך דורכפליען.

אַמאָל פלעגט ער אויך פאָרן מיטן טאַטן. דעם אַלטן לוריע
האָט שטאַרק הנאה געטון, וואָס זיין זון פאָרט מיט אים.

אמת, סאַשע האָט דאָרט גאָרנישט געטון, ער פלעגט זיצן
ביים טייכל מיט צילקען, אָדער אַזוי אַרומבלאָנדזשען לאַנגע
שעה'ן אין די ענדלאָזע לאַבירינטן פון די ביימער.

נאָר זאָלן מענטשן מיינען, אַז זיין יורש מיט דעם אייביק-
גראָען קאַפּעליוש אינטערעסירט זיך מיט עפּעס און איז נישט קיין
געשווירענער ליידיקגייער.

איינמאָל אויף אַזאַ רייזע האָט זיך סאַשע צום טאַטן אָנ-
גערופן:

— דו ווייסט, טאַטע, אַז אַזאַ צילקע וואָלט אין פאַריז אָדער
ערגעץ אין אַ צווייטער גרויסער שטאָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל...

— וואָס אַזוי? — האָט דער טאַטע איבערגעפרעגט.

— טאַטע, דאָס איז אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר... דאָס איז אַ
מענטש פון דער נאַטור, אַ פרוי — אַ קאַץ.

דער אַלטער לוריע, אַזאַ רונדער אויסגעקעכלטער גוטמוטי-
קער גביר, האָט מיט אַ רגע פריער געטראַכט וועגן אַ פּלאַן, וואָס
די דייטשן פון קעניגסבערג האָבן אים אויפגעגעבן: בויען אַ

טאַרטאַק און ליפערן קיין דייטשלאַנד פאַרטיק געהילץ.

עס האָט געדויערט עטלעכע סעקונדן ביז ער האָט פאַר־שטאַנען, וואָס זיין זונדל האָט אים דאָ אַריינגעזאָגט.

—האַ!—האָט ער איבערגעפרעגט...—צילקע, יאָ אַ וואויל מיידל פון קינדוויז אָן, נאָר אַ ווילדע. געדענקסט, ווי זי איז אַנטלאָפן קינדוויז פון גראָדנע צו פוס צוריק אין וואַלד אַריין?... אַ וויל־דע איז זי...

נאָר סאַשען האָט שוין גלייך פאַרדראָסן, וואָס ער האָט מיטן טאַטן אָנגעהויבן אַזאַ געשפרעך און ער האָט גענומען שווייגן און קוקן אין דער ווייט אַריין אויף די פעלדער, אויף די וועלדער...

ביז די ליניייקע האָט זיי געבראַכט צו איסרן דעם משרת.

פון אונטער די ביימער איז געגאַנגען אַ געזאַנג: צילקע האָט געזונגען און עס האָט לאַנג געדויערט ביז סאַשע האָט גע־פונען איר באַהעלטעניש.

—ביזט שוין ווידער דאָ?

אַזאַ פראַגע.

סאַשע באַליידיקט זיך.

—אויב דו ווילסט, פאָר איך באַלד צוריק, די ליניייקע וואַרט.

—פאָר! פאָר זיך!

נעמט ער שפּרייזן צוריק און זי לאַכט זיך פונאַנדער...

—נאַרעלע!

צו אים, צו אַזאַ גרויסן בחור, רעדט זי מיט אים שוין, זי, וואָס גייט קיינמאָל פון וואַלד נישט אַרויס. אַ באָרוועסע. אַן אומאַנטוויקלטע.

און עס איז אים אָנגענעם, דאָך אָיגענעם צו הערן פון איר די צאַרטע ווערטער, דאָס וואַלד־געלעכטער.

ער פאָרט שוין נישט צוריק. זיי האָבן ביידע אַ סך אַר־בעט: די מומע ניכע האָט וועש געוואַשן און זיי ביידע, צילקע און סאַשע העננען אויף די שטיקלעך גרעט אויף שטריק.

דער וואַלד זינגט און זיי רעדן.

—שטענדיק וואַשט זי, דיין מומע, שטענדיק ביים טייכל מיט די גרעט.

—זי איז שוין אַזאַ. נאָר וואַשן און שייערן.

און די מומע ניכע איז דערוויל אומרויק. זי ווייס פון שטענדיק, זי ווייס עס, עס איז ביי איר ווי אַ געזעץ. אַ בחור מיט אַ מיידל טאָר מען צוזאַמען נישט לאָזן, מען טאָר נישט.

און אָכטונג צו געבן זענען בלויז פאַראַן איין פּאָר אויגן. דער מומע ניכעס אויגן דאַרפן אָכטונג געבן, אַז עס זאָל צו קיין אומגליק נישט קומען.

זי בייט זיי נאָך, זי רופט זיי אין שטוב. נאָר עס העלפט נישט.

אַלע פאַרלעך האָבן שוין אַזאַ טבע: נאָר זיי ווילן בלייבן באַזונדער, און געהערט האָט זי, די מומע ניכע, ווען דעם סאַ־שען, אַז ער איז אַ לעב־יונג, שפּילט אין קאָרטן, שפּורט מיט אָפּיצירן.

אַ שרעק.

וואָס קאָן מען שוין דערוואַרטן פון אַזאַ.

האָט זי געפּרוווט רעדן מיט איסרן:

—דו ביסט אַ טאַטע, האָסט איין קינד, גיב אָכטונג.

איז איסר אין כעס געוואָרן און דער מומען ניכען געענ־טע זידלען, ביז איז ער געוואָרן ווי קיינמאָל נישט.

און איז אָפּגעגאַנגען.

זי האָט בלויז געהערט, די אַלטע, ווי איסר האָט זיך גע־ברומט עפּעס.

—מיט מיין קינד... גאָט זאָל אויסהיטן!

די מומע ניכע האָט גענומען מער תהלים זאָגן.

דער וואַלד, אָבער, האָט זיך דערוויל גערוישט. אויף מיל־יאָנען פריש־גרינע נאָדלען האָבן ווינט און ווינטלעך אויסגעשפּילט זייערע שטומע און קלאַנגלאָזע מעלאָדיען.

וואַלד לינקס, וואַלד רעכטס, וועלדער, וועלדער. די גאַנצע געגנט איז געווען פאַרפלאָנטערט אין אַ נעץ פון קופּערנע סטאַ־נגעס מיט גרינע מיצן.

ערגעץ ווו האָט מען זיי אויסגעהאַקט, די הויכע שטאָלצעביימער, נאָר די פריילעכקייט איז נישט אַוועק פון די געבליבענע וועלדער.

די וועווריקעס האָבן זיך איינער צום צווייטן איבערגעקווישטשעט.

און אונטן צופוסנס פון די ביימער, האָבן טייכלעך זיך געשלענגלט און גערוישט.

לולינקע וואַלד, לולינקע וועלט. עפּעס טומלען זיי די מענטשן, שאַפן און בויען, טוען שלעכטס און טוען גוטס.

אָבער מיר פּליטיקע זילבער-שלוחים פון דער אייביקייט...

לויפן מיר, שוועבן מיר און שפּיגלען אָפּ אין זיך אַלע וועלדער, אַלע שטעט און די הימלען. מיר קייקלען זיך אונטער דער ערד און איבער דער ערד. מיר גייען אין ימען אַריין און גייען פון ים אַרויס, אויף באַרג, אויף טאָל...

און צו וואָס לויפן מיר, צוליב וואָס עגבערן מיר שטיינער און פעלזן...

גאָט האָט אונז געשיקט.

מיר וואַסערלעך און וואַסערן, מיר זענען דאָס בלוט פון דער ערד. מיר פליסן אין אירע אָדערן און מיר מאַכן אַלץ לעבעדיק.

וועלדער, וועלדער...

די גרינע לאָקן פון דער ערד. און עס פּלאָנטערן זיך אין די לאָקן שמעטערלינגען, פייגעלעך, קאָלירטע פיצעלעך לעבן, זינגען זיי און פלאַטערן אין די ליכטיקע טעג...

זיצן אַזוי צוויי מענטשן, אַ יונגערמאַן און אַ יונגע פרוי און זיי לערנען זיך איצט רעדן.

זיי דאַרפן געפינען ווערטער פאַר זיך. איינער דעם צווייטן זאָל פאַרשטיין.

ווייל זיי זענען פרעמדע, פון צוויי באַזונדערע וועלטן.

זיי זענען שוין נאָנט. דאָך איינער פאַרשטייט נאָך נישט אינגאַנצן דעם צווייטן, שפּראַך פעלט.

אפשר וועט דער רויש פון די ביימער זיי אויסלערנען רע-

דן? אפשר דאָס מורמלען פון טייכל?

דערווייל וואַרפן זיי שפּעגדלעך און שישקעס אין וואַסער און לאַכן פון זאָרגלאָזן גאָרנישט.

אַ וועוויריק קוויטשעט, אַ האַק קלאַפּט ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט.

מען האָט געעפנט די צווייטע שטוב, אין וואַלד, וווּ סאַשע האָט זיך אַביסל איינגעאָרדנט. ער פלעגט דאָרט זייער אָפט נעכטיקן, געבראַכט ביכער פון דערהיים און פון צייט צו צייט געאַרבעט.

אין דער אמתן האָט אים דער וואַלד שטאַרק געצויגן, ער האָט שוין געהאַט זיינע וועגעלעך, זיך באַקאַנט מיטן שאָסיי-וועכטער, ער איז געווען אין אַלע נאָנטע דערפער און ישובים — אַ סך מאָל מיט צילקען און זייער אָפט אַליין.

צילקע...

איינמאָל שפּאַצירנדיק מיט איר אַזוי, ער — אין העל-גראָען שטאָטישן אַנצוג מיטן אַלטן קאַפּעליוש. זי — אַ באָרוועסע מיט אַ לייכט ווייס קליידל, די האָר פּאַרדעקט מיט אַ פּוירעריש טיכל. זי האָט געהערט וואָס ער רעדט, און פון אַלץ געלאַכט, מיט-אַמאָל גיט זי אים אַ פרעג:

— סאַשע, מיר פירן אַ ליבע?

איז ער געבליבן שטיין אַביסל צוטומלט. דערנאָך געענט-פערט:

— דו געפעלסט מיר, צילקע, ביסט אַן אמת נאַטור-קינד, ביסט...

— רעד מיר נישט פון קיין אַנדערע זאַכן!

„אַנדערע זאַכן" האָט ביי איר געהייסן אַלץ, וואָס זי האָט נישט פאַרשטאַנען.

— ניין! צילקע, — האָט סאַשע אין שפּאַס געענטפערט, — דער-ווייל פירן מיר נאָך נישט קיין ליבע, אפשר וועלן מיר נאָך פירן.

— „ווען?" — איז זי צוגעשטאַנען, אַלע מיידלעך אין מסטיבאָווע פירן ליבעס.

— מען דאַרף זיך דאָך פריער פאַרליבן.

ציִלקע האָט אויפגעהויבן אויף אים אירע ליכטיקע אויגן. נישט פאַרשטאַנען האָט זי זיינע ווערטער. נאָר אין דער רגע איז ער איר זייער געפעלן געוואָרן. די גרינקייט פון וואַלד האָט געוואָרפן אַ מאַטאָווע שיין אויף זיין געזיכט, די שוואַרצע גוטע אויגן זיינע האָבן אַרויסגעלויכטן און געשמייכלט. ער האָט גע-טראַכט אין דער רגע, אַז דידאָזיקע צילקע ווייסט נאָך גאָרנישט. אָבער גאָרנישט, נאָר אַז זי וועט זיך אויפכאַפּן פון איר וואַלד-שלאָף, אַז זי וועט צום ערשטן מאָל אַרומנעמען אַ מאַן, וועט דאָס זיין אַ פייער, וועט דאָס זיין אַ פייער...

נאָר צילקע האָט עטלעכע סעקונדן אַריינגעקוקט אין זיינע אויגן און געווען איז דאָס דערפאַר, ווייל די מומע פלעגט איר שטענדיק זאָגן, אַז אַ מענטש באַדאַרף מען אַריינקוקן אין דער נשמה, כדי אים צו דערקענען.

ער פלעגט שפּרייזן לאַנגזאַם מיט בעריִשע טריט. דערציי-דערציילן צילקען אמתע און אויסגעטראַכטע מעשיות. ער האָט זיך געסטאַרעט צופּאַסן צו איר, זי זאָל אים פאַרשטיין;

וואָס האָט ער געוואָלט פון איר?

וואָס האָט ער דאָ געזוכט אין וואַלד?

ער האָט עס נאָך אַליין גוט נישט פאַרשטאַנען. וועלט און מענטש האָט ער שוין אַביסל געקענט,—נמאס איז אים די וועלט נישט געוואָרן, לאַנגווייליקייט פלעגט אים נישט שרעקן — דער ערשטער ציגאַר פלעגט יעדע לאַנגווייליקייט פאַרטרייבן. אָבער דערדאָזיקער מענטש, וואָס האָט נאָך קיין שווערע זאָרג אין לעבן נישט געהאַט, אַ מענטש, וואָס איז נאָך אין קאַמף פון לעבן קיינ-מאָל נישט געגאַנגען... ער האָט דאָך געהאַט עטלעכע זינגנדיקע סטרונעס אין זיין נשמה און די קלאַנגען זייערע האָבן געזוכט אָפּקלאַנגען.

פלעגט ער זיי געפינען, די אָפּקלאַנגען, אַ סך מאָל אין דער איינזאַמקייט, אין דער רויקייט, אין זיין פאַרטראַכטער אָפּגעזונ-דערטקייט.

און קלעטערנדיק אויף די שפּיצן פון די אַלפּן, האָט ער אַ סך מאָל געכאַפּט דעם טעם פון יונגן פרימאָרגן, אָדער דאָס

לעצטן קלאַנגלאָזן זיפץ פון פאַרגאַנגענעם טאָג...

ער פלעגט זיך דערביי שטאַרק פאַרטראַכטן.

אָנגעשפאַרט אָן אַ פעלז, אַרומגערינגלט איינגאַנצן מיט רויט־לעכע אָפּגלאַנצן פון זון־פאַרגאַנג, פלעגט ער אָפט גאַנץ דייטלעך דערזען זיין איינזאַמקייט.

ער אַליין, נישט אַלע האָבן דאָ אַרויפגעקלעטערט אין דער הויך. פאַרוואָס? פאַרוואָס איז ער נישט געבליבן מיט זיי דאָרטן, מיט זייערע טומלענישן אין טאָג־טעגלעכע קליינינקייטן.

און ער פלעגט אויף זיך נעמען קוקן, ווי אויף עפּעס אַן אַנדערן, אַן אויסדערוויילטן... ביז ער פלעגט זיך פונאַנדערלאַכן פון זיך אַליין און טאַקע גלייך אַראָפּגיין אונטן צו אַלעמען.

אפשר דאָך... אפשר איז ער טאַקע אַן אַנדערער? דאָס נישט קענען זיך צונויפגיסן מיט אַלעמען, דאָס אַנטלויפן צו די קאָרטן און דאָס שטענדיקע יאָגן זיך נאָך די פרויען... אפשר איז דאָס צוליב דעם, וואָס ער וויל זיך אַליין פאַרטרייבן פון זיך?

אפשר איז ער אַ פּאָעט?

און מיט דעם פלעגט סאַשע לוריע אַ סך מאָל טאַקע זינ־דיקן. ער פלעגט אָפט שרייבן, נאָר גלייך דערמאָנט ער זיך, וואָס ביי די הברה־לייט קומט פאָר. ער דערמאָנט זיך די טיפן מיט די לאַנגע האָר, מיט די באַקן־בערד אין סאַמעטענע קורטקעס און ער פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין, צורייסט ער גלייך דאָס אָנ־געשריבענע.

וואָס זוכן זיי פאָרט די זינגענדיקע סטרונעס פון זיין נשמה?

ער האָט אויך אויף דעם געהאַט אַן ענטפער: „אָט דער־פאַר זינגען זיי די סטרונעס, ווייל זיי זוכן עפּעס".

און איצט אין וואַלד...

די רויקייט האָט אים אַרומגענומען פון אַלע זייטן. אַ יאָר לעבן אין זומפּ פון גראָדנער אָפּגעשטאַנענעם לעבן האָט אים ווי איינגעשמידט זיין גאַנצן קערפּער, נאָר איצטער, דאָ אין וואַלד, האָט דאָס באָרוועסע מיידל מיט די העלע אויגן, זי האָט אים אויפגעוועקט, אויפגעוועקט, ווי די אמת׳ע נאַטור אַליין.

די סטרונעס האָבן זיך צעזונגען...

נאָר דער רויך פון ציגאַר האָט עס פאַרשטעלט, ער האָט זיך אַליין קאָנטראָלירט און... אַלץ מער פאַרבראַכט אין וואַלד.

די זומערדיקע טעג דויערן זייער לאַנג. מען קאָן אַ סך טראַכטן אין אַזויפיל שעה'ן, און דאָס לעבן אַליין איז אַזוי נאָנט... צילקע מיט די באָרוועסע פיס האָט געררייצט.

ער האָט זי נאָכגעפאָרשט און נאָכגעגאַנגען...

שוין מיט אומרויקייט.

שוין בייז אויף זיך פאַר אומבאַפרידיקטע פאַרלאַנגען.

און זי אַליין...

ווי אַ צייטיקער עפל האָט זי אויסגעזען.

ווי אַן עפל, וואָס ווייס אַליין נישט זיין טעם און רייץ,

אַ פייער, וואָס צינדט אָן און ברענט אַליין נישט.

וואָס האָבען זיי אויסגעטראַכט אויף איר, אַז זי איז אַ ווילדע?

ווו ווילדקייט, ווען ווילדקייט?

יידישע מיידלעך זענען נישט ווילד.

סאַשע האָט זיך געבייזערט דערפאַר אויף זיך, אויף איר...

נאָר פון וואַלד פלעגט ער אַוועקפאָרן אויף זייער קורצע טערביִנען און באַלד צוריקקומען.

אין דערהיים האָט מען עס באַמערקט.

דאָס אַלטע פאָרפאָלק לוריע האָט צווישן זיך געהאַט אַ שמועס:

—ער לויפט אין וואַלד, איסרס טאָכטער געפעלט אים.—דאָס האָט לוריע אַליין געזאָגט.

און זיין ווייב די יחסנטע האָט זיך פאַרקרימט;

—מיט אונזער משרת טאָכטער.

האָט שוין דער אַלטער לוריע געהאַט אַזאַ פלאַן:

—הלואי פאַרדרייט זי אים דעם קאָפ, ער זאָל מיט איר חתונה האָבן, וועט ער דעמלט אַוועקוואַרפן זיין גראָען קאַפעליוש מיט אַלע נאַרישקייטן.

ווען סאַשע וואָלט הערן אַזאַ שמועס... ער וואָלט טאַטע-מאַמע אָפגעזידלט, וואָס מישן זיי זיך אין זיינע ענינים.

ער האָט אַ סקאַנדאַל געמאַכט.

אים טאָר מען נישט אָנרירן. האָט מען זיך נאָר געשוש-קעט וועגן דער געשיכטע...

דער אַלטער איסר, דער שווייגנדיקער...

איינמאָל גאַנץ פרי, בעת צילקע איז נאָך געשלאָפן, איז איסר אַרייגעקומען צו סאַשען און גלייך צוגעטראָטן:

—איך האַלט דיך פאַר אַן אָרנטלעכן מענטש. איך ווייס, אַז אין גאָט גלויבסטו נישט, נאָר די האָסט אַ האַרץ, דאָס פיל איך...

סאַשע האָט אים רויק אָנגעקוקט.

—מער ווי איין קינד האָב איך נישט...

און אין דעם אַלטנס קול האָט זיך געפילט געוויין. ער האָט עס אַרויסגערעדט און האַסטיק אַרויס פון חדר.

—איסר!—האָט סאַשע אַ געשריי געטון און איז צוגעלאָפן צום פענסטער.

האָט ער באַמערקט, ווי דער אַלטערווישט די אויגן.

—איסר, איך שווער אייך...

וואָס ער שווערט האָט ער אין דער רגע זיך אַליין קיין רעכנונג נישט אָפּגעגעבן. איסר איז שווייגנדיק אָפּגעגאַנגען און סאַשע האָט אַרויסגעקוקט אין פרימאָרגנדיקן וואַלד. די זון-פּאַסן זענען איצט געלעגן אַ סך נענטער, ווי בײַטאָג. די יונגע סאָס-נעס האָבן געשמעקט און כאָטש ער איז אַביסל צוטומלט פון דער אומגעריכטן באַגעגעניש, דאָך איז אים פריילעך געווען אויף דעם נשמה און ער האָט געוואָרט מיט אומגעדולד אויף צילקען...

דער טאָג האָט זיך מער געלאָזט פילן.

פון פעלד האָט אַ שייגעץ געבראַכט די צוויי קי און זיי זענען געשטאַנען און געוואַרט אויף עמעס... צוויי ברוינע קי, ווי די סאָסנעס, אַזאַ קאָליר האָבן זיי געהאַט.

און סאַשען איז די ענלעכקייט געפעלן געוואָרן.

„וואַלד לאָזט שפורן":

צילקעס האָר זענען אויך ענלעך צו די סאָסנעס.

שפּעטער איז געקומען פון מסטיבאָוו די מומע ניכע. זי

איז, ווייזט אויס, זייער פרי אַוועק איינקויפן. זי איז פאַרבייגע-גאַנגען דעם פענסטער. סאַשע האָט איר אָפּגעגעבן „גוט מאָרגן", זי האָט קאַלט געענטפערט.

—זייט נישט בייז אויף מיר, מומע ניכע.

—איך בין נישט בייז, סאַשע!—און זי איז אין שטוב צו זיך אַריין.

„אין גאָט גלייב איך נישט, נאָר אַ האַרץ האָב איך".
אַזוי האָט געזאָגט איסר...

און אויב ער וועט אַ סך בעטן, וועל איך אין גאָט אויך גלייבן.

„אָבער אַ האַרץ האָב איך."
עס איז גוט צו האָבן אַ האַרץ.
און פילן אַזאַ טייערן פרימאָרגן.
און...

זי שטייט שוין אויפן גאַניק פון איר טאַטנס הויז און זשמו-רעט פון די זון די אויגן און ציט זיך אויס, ווי אַן אויפגע-וואַכטע בייגיקע קאַץ און באַמערקט נישט, אַז לוריעס זון, אָט דער וואָס איז געקומען פון אויסלאַנד, לוריעס זון, וואָס קומט איצט אַזוי אָפט אין וואַלד... צוליב וואָס קומט ער דאָ, דער סאַשע?

ער שטייט און קוקט אויף איר און באַוווּנדערט איר יעדן בייג, יעדער שטראַל פון אירע האַלב-אָפּגעדעקטע גלידער...

אָט אַ פרוי... אַ פיגור. ער האָט וועגן אַזאַ אפילו געחלומט אין זיינע בעסטע חלומות.

מיטאַמאָל נעמט זי רופן:

—מומע ניכע, מומע ניכע! די בהמות וואַרטן — און זי לויפט אַוועק און פלאָנטערט זיך דאָרט ערגעץ אין שטאַל.

נעמט זינגען און הערט אויף. זינגט און הערט אויף.
דער וואַלד אָבער זינגט כסדר.

## IV

## פֿרויקע...

אין מסטיבאָווע איז זיין טאַטע אַ גאַנצער „מאַכער“. ער איז סטאַראָסטע, גיט אַרויס פּאַספּאָרטן אַלעמען און איז גבאי אין שול.

פרויקע איז אַ בן-יחיד. איין „קדיש“. ער האָט נאָך צוויי קלענערע שוועסטער, וועלכע חברן זיך מיט צילקען פון וואַלד.

פרויקע איז שוין אַלט העכער צוואַנציק, דער טאַטע זיי-נער האָט אים שוין „אַרויסגעדרייט“ פון פּריזיוו און ער וואָלט שוין וועלן, דער סטאַראָסטע באַראַש, אַז זיין בן-יחיד זאָל שוין טון אַ שידוך. שדכנים קומען אַ סך, נאָר פרויקע לאַכט זיך אויס פון דעם.

אין מסטיבאָווע זענען דאָ גענוג שיקסעס און יידישע מייד-לעך. ער איז דער פּרינץ פון דעמדאָזיקן שטעטל.

אַ שיינער הויך-געוואַקסענער בחור מיט שעלמישע אויגן, מיט אַ רונד פּנים. ער האָט קיין זאָרג נאָך נישט געפילט.

שפּאַצירט ער זיך איבער זיין מסטיבאָווע פון איבער די באַנטע ישובים אין אַ פּאָר גלאַנציקע שטיוול, זומער—אין אַ טונקל

אויסגעגייט העמדל, ווינטער — אין אַ בעקעשע מיט אַ קאַראַקולן היטל און די פויערים רופן אים גישם אַנדערש ווי „פּאַניטש“.

ער איז אַ גוטער רייטער און קען גוט טרינקען.

ער האָט שוין זיין געזעלשאַפט: דעם אוריאַדניק, דעם שרייבערל פון דער גמינע און אַמאָל פאַרפאָרט ער טאַקע צום סטאַנאָוואָי אַליין, וואָס וווינט אין וואָלקאָוויסק.

דער טאַטע גיט אים געלט, נאָר אויסער דעם האָט שוין פרויקע אייגענע פּרנסות: ער טוט וועמען אַ טובהלע ביים פּריסטאַוו און פאַר אַזעלכע זאַכן באַצאָלט מען.

מיט אַלעמען איז ער אויף „דו“, האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט, דער טאַטע זיינער האָט פון אים קיין נחת נישט. און וויפל מאָל האָט שוין פּאַסירט, בעת אַ סקאַנדאַל עפּעס, דער אַלטער האָט אים פאָרגעלייגט אַוועקצופאָרן אין די אַמעריקעס, ער האָט דאָרט רייכע קרובים, נאָר פרויקע האָט איין ענטפער:

— מיר איז דאָ נישט שלעכט. — און ער נעמט זיך מיט דעם גמינע-שרייבער מיט נאָך וועמען פון די קריסטלעכע שכנים און גייט אַוועק טרינקען אין דער איינציקער שענק פון מסטיבאָוועז. ער עסט דאָרט ראַקעס און קאָלבאַס... אין שטעטל ווייסט מען וועגן דעם, מען ווייס און מען זיפצט טרויעריק.

אַן אָנשיקעניש, אַן אומגליק איז עס, בעת אַ יידישער בחור נעמט זיך חברן מיט שכורים...

ער איז אָבער נישט קיין שלעכטער בחור און דערצו נאָך אַזוי יונג, יונגע מענטשן זענען נישט-שלעכט, נאָר פאַר זיינעם אַ קאַפּריז, פאַר אַ באַליידיגונג וועט ער נישט מוחל זיין, ער וועט שוין זוכן און לויערן.

ביז די צייט וועט קומען.

בעת ער איז שכור.

בעת ער ווערט אין כעס, דערקענט מען דעמלט, אַז פון דעמדאָזיקן שיינעם יינגל וועט אַמאָל אַרויסוואַקסן אַן אַכזר, אַ כעסן, וואָס איז גרייט אויף אַלץ.

און דערדאָזיקער פרויקע האָט געוואָרפן אַן אויג אויף דער צילקע, וואָס קומט פון וואַלד.

זי קומט שוין צו זיי אין שטוב אַריין פון אַ סך יאָרן, פון קינדוויייז אָן.

איסר, צילקעס טאַטע, איז געווען גוט באַפריינדעט מיט דעם אַלטן באַראַש, וועלכער האָט זייער פיל רעספעקט געהאַט פאַר די לוריעס פון גראָדנע, וועלכע האָבן דאָ כמעט אַלע וועלדער אין דער געגנט.

צילקע פלעגט קומען צו זיי פאַרברענגען, פליקן פעדערן און זינגען לידלעך מיט פרויקעס שוועסטער און מיט נאָך מיידלעך פון שטעטל, וועלכע פלעגן זיך צונויפקלייבן אין דער יחוס-שטוב — ביי באַראַשן.

פריער אָבער זענען זיי נאָך קליינע קינדער געווען: פרויקע — אַ צולאָזט יינגל און צילקע — אַן אָנגעשראָקן וואַלד-מיידל.

איצט, ווען פרויקע האָט שוין אויסגעקושט אַלע מיידלעך פון מסטיבאָווע — ווי ער פלעגט זיך באַרימען — איז אים איין צילקע נישט אונטערטעניק געווען. אינסטינקטיוו האָט זי זיך פאַר אים געשראָקן, ווען ער פלעגט צוגיין צו איר.

ער פלעגט עפענען, ווי אַ חיה, זיינע ווייסע ציין און איין רגע... ער וועט זיך באַלד נעמען בייסן.

צילקע האָט אים גערייצט. זי האָט געשמעקט מיט וואַלד, מיט יוגנט, זי האָט גערייצט. ער נעמט אָן איר האַנט, זי דערלאַנגט זי אָבער באַלד מיט אַזאַ אימפעט אַ ריס אַרויס, אַז יענער בלייבט שטיין, ווי מען וואָלט אים מיט אַ קלאָץ איבערן קאָפּ דערלאַנגט.

צילקע האָט נאָך נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי האָט מורא פאַר פרויקען. זי האָט נאָך גאָרנישט פאַרשטאַנען, נאָר צו זיך פלעגט זי נישט דערלאָזן.

אַמאָל פלעגט עס אויך אַזוי טרעפן אין וואַלד. די פויערים פירן דורך לאַנגע פורן מיט קלעצער, שטעלן זיי זיך אָפּ לעם זייער שטוב און רעכנען זיך אויס מיט איר טאַטן איסר, וועלכער פלעגט זיי אַרויסגעבן אַזעלכע קוויטלעך, פאַר וועלכע זיי באַקומען געלט דערנאָך.

פלעגט טרעפן צווישן די פויערים אַ יונגערער, אַ דרייסטע-

דער און דעם „שרייבערס" טאַטער פלעגט אַזוי פויער רייצן, גייט ער צו און וויל זי אַ גלעט טאָן.

—פּאַשאָלו—גיט זי אַ געשריי און דערלאַנגט אָפּט מיט די הענט דערפאַר.

פאַרוואָס גלעטן זיי איר? פאַרוואָס קוקן זיי אויף איר מיט אַזעלכע שכּורע אויגן.

צילקע האָט עס לאַנג, לאַנג נישט פאַרשטאַנען.

איז זי עלטער געוואָרן און אין וואַלד האָט זיך באַוויזן סאַשע לוריע, אָדער דער „אויסלענדער", ווי אין גראָדנע און אין מסטיבאָווע פלעגט מען אים רופן.

אין מסטיבאָווע האָט מען שוין גערעדט, אַז צילקע „פירט אַ ליבע מיט דעם „אויסלענדער".

און דאָס האָט אויך געוווּסט דער פרויקע באַראַש.

עס האָט אים פאַרדראָסן, עס האָט אים שטאַרק געקרענקט דאָס, וואָס צילקע האָט דעם לעצטן זומער זיך אינגאַנצן שוין נישט באַוויזן אין מסטיבאָווע.

ער איז שוין עטלעכע מאָל געקומען רייטנדיק צופאָרן אין וואַלד אַריין.

נאָר דעם לוריע האָט ער קיינמאָל נישט באַגעגנט.

צילקע האָט געאַרבעט מיט דער מומע ניכע, געוואַשן וועש, געשייערט דאָס קובער און אַמאָל פלעגט זי זיך אַוועקזעצן און לייענען ביכלעך ביים טייכל.

„אַ גאַנצע באַרישניע"—האָט פרויקע געטראַכט און געוואָלט אָפּשפּאָסן פון צילקען.

זי האָט אים אויסגעמיטן, האָט פאַר אים מורא געהאַט.

די מומע ניכע פלעגט אים רופן: אַרעסטאַנט". די מומע ניכע האָט אויף אים געהאַט אַ באַזונדער כּעס, ווייל בעת פרויקע איז נאָך געווען אַ יינגל האָט זי געטראַכט, אַז „דאָס" וועט זיין פאַר צילקען אַ גוטער שידוך. צום סוף איז „דאָס" אויסגעוואַקסן אַ שיכּור, אַ קאַלבאַס-פרעסער.

נישט איינמאָל איז שוין פרויקע געקומען מיט זיינע שוועס-טער אין וואַלד אַריין. צילקע פלעגט מיט די שוועסטער גוט

באַרבּרענגען און פּרויקען אויסמיידן.

ער פלעגט בייסן די ליפּן און געטראַכט פון נקמה.

נאָר איינמאָל האָט ער אַזוי ווי אַריינגעקוקט צו זיך אין דער נשמה און ער האָט דערפילט, אַז ער האָט פאַר איר מורא, פאַר איר, פאַר צילקען האָט ער מורא.

וואָס איז דאָס אַזוינס?

פאַרן טאַטן האָט ער קיין מורא נישט, פאַר אַלע פּויערים און שקצים האָט ער קיין מורא נישט, פון אוריאַדניק לאַכט ער, מיטן פּריסטאַוו—שיכּורט ער...

און פאַר אַזאַ גאַרנישט, פאַר עפּעס אַ וואַלד-מיידל, וואָס לויפט אַרום באָרוועס און שייערט קופּערנע פאַנען ביים טייכל — פאַר איר האָט ער מורא.

און נאָך עפּעס האָט פּרויקע דערפילט, אַז עס ציט אים צום וואַלד, אַז צילקעס נאָמען וועקט אין אים גאָר אַנדערע איבערלעבונגען...

שיקסעס, מיידלעך, בראָנפן און קאָרטן — דאָס אַלץ איז גאָר אַ באַזונדערע זאַך. אַ וואָכנדיקע בייזאַך אין זיין לעבן.

צילקע, אָבער, מאַכט אים אומרויק און יום-טובדיק.

אָט איז ער ווידער געקומען אין וואַלד, געקומען איז ער צופאָרן רייטנדיק. לעם איסרס שטוב איז געשטאַנען אַ ליניקע, דאָס פערד איז אויסגעשפּאַנט. דאָס פערד האָט זיך רויק געקייט פרישע קאָניטשינע...

טיר און פענסטער ביי איסרן אין שטוב זענען געעפנט, נאָר קיין לעבעדיקן נפש אויסער דאָס פערד זעט מען נישט. איז ער אַריין אין שטוב. ליכטיק, אויפגערוימט. אויפן טיש זענען געלעגן אין אַ סאַמעט-זעקעלע תּפילין און אויף די ווענט הענגען עטלעכע בילדער פון רבנים. אין קיך איז אַ גאַנצע וואַנט באַהאָנגען מיט קופּערנע פאַנען, מיט געל-מעשענע מעדניצעס.

פּרויקע האָט געזוכט אַ מענטש און קיינעם נישט געפונען. אויף איין שטול איז געלעגן אַ גראָער אָפּגעקראָכענער מע-נער-הוט און אַ בייטש...

מער גאָרנישט, שטיל. פליגן זשומען מעלאַנכאָליש, דורך די

פענסטער זינגט דער וואַלד. ס'טייכל רוישט זיך צו.

פרויקע איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, האָט אַ ביין קוק געטון אויפן פערדל און פאַרוואָלט האָט זיך אים אין דער רגע דעם פערד דערלאַנגען מיטן פוס אַ זעץ...

האָט ער נאָר אַ טראַכט געטון וועגן דעם, איז אים דאָס בלוט אין קאָפּ אַריין פון ווילדקייט.

אַ שפּרונג געטון...

און דאָס שוואַרצ'ע פערד פון די לוריעס האָט באַקומען אַ קאָפּ מיט פרויקעס שטיוול אין בויך אַריין... דאָס פערד איז אויפגעשפּרונגען, אַ הויפן קאָניטשינע איז אים געבליבן שטעקן אין זיין פערדיש מויל... אַ רגע... דאָס פערד האָט זיך באַרעכנט, אַז נישט אים מיינט מען דאָס און עס האָט גענומען ווידער זשויען דאָס פרישע זאַפטיקע גראָז.

פרויקע האָט געקוקט אין אַלע זייטן, אין וואַלד אַריין, צוגעהערט זיך, דערנאָך האָט ער אָפּגעריסן אַ פריש צווייגל מיט סכך-נאָדלען, האָט ער יעדע רגע אָפּגעצופּט אַ נאָדל און געזויגן די ביטערקייט און געשפּיגן.

לאַנג האָט עס געדויערט.

ער האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז לוריעס זונדל, דער „אויסלענדער" איז דאָ פאַראַן. דאָס וואַלגערט זיך דאָרט אויפן שטול זיין קאַפּעליוש. דאָס האָט ער אויסגעשפּאַנט דאָס פערד...

און איצט שפּאַצירט ער אודאי מיט צילקען אין וואַלד, טיף אין וואַלד.

עס האָט אים עפּעס געבריט די נשמה. אָט אַזוי ווי אַ חיה וואָלט ער איצט וועלן אויף אַלע פיר אַוועקקריכן טיף אין וואַלד אַריין, זיי נאָכקוקן, נאָכקוקן.

דערווייל איז אָנגעקומען ניכע. פון מסטיבאָווע איז זי געקומען, האָט דאָרט איינגעקויפט צום עסן, פלייש, גרינס.

—וואָס טוסטו דאָ, פרויקע?— האָט זי אים געפרעגט.

—איך האָב ליב אייער וואַלד,—האָט ער געענטפערט.— ווו איז איסר? ווו איז צילקע? וועמענס איז דאָס פערד?

ניכע ענטפערט אָן ווילן:

—איסר איז אין פרודנער וואַלד אַוועקגעפאָרן. צילקע...
ווער ווייסט זי, לוריעס זונדל איז געקומען צופאָרן, איז זי שוין מיט אים אַוועק.

פרויקע הערט אַלץ אויס און מיטאַמאָל גיט ער אַ שפּרונג צו צו ניכען, וועלכע וויל שוין אין שטוב אריין מיטן קאָשיק שפּייז, וואָס זי האָט געבראַכט פון מסטיבאָווע.

—הערט נאָר, ניכע!

—וואָס ווילסטו?

—רעדט איבער מיט איסרן, ניכע! איך וועל אַלץ אַוועקוואַרפן, איך וועל ווערן פרום, וואָס איר ווילט נאָר, נאָר זאָל צילקע ווערן מיין כלה, זאָל צילקע ווערן מיין כלה...

דערלאַנגט זיך ניכע אַ ריס פון אָרט, גיט אַ שפּיי און רעדט אַרויס.

—האָסט מיך איבערגעשראָקן מיט דיין אימפּעט... גיי, גיי אין מסטיבאָווע פרעסן קאָלבאַס.

פלוצלונג האָט ער זיך פאַרשעמט, וואָס ער, אַזאַ יונגער בחור רעדט מיט אַזאַ צוקראָכענער יידענע און זעט אויס, ווי אַ נאַר ביי איר אין די אויגן.

און דער וואַלד אַרום איז געווען פאַרשווערייש שטיל. אַ סך יונגע נייגעבוירענע פייגעלעך האָבן זייערע ערשטע טענער געשענקט דער שטילקייט. פרויקען איז עס נישט אָנגעגאַנגען. ער איז געווען בייז און זיין פערד, אויף וועלכן ער איז אַהיים געריטן האָט זיין בייזקייט גוט געפילט.

אין דערהיים האָט מען אים די לעצטע צייט נישט דערקענט.

מען האָט געמיינט, אַז ער איז קראַנק.

פרויקע איז שווייגנדיק, פרויקע שטיפט נישט.

אַלע האָבן זיך געוווּנדערט אויף דעם...

צילקע האָט פון פרויקען נישט געטראַכט. זי האָט געלעבט מיטן וואַלד.

ווי דער וואַלד...

אַמאָל איז זי שווייגנדיק און אין די גראָלעכע אויגן קומט

צו בלאָקייט און טיפקייט, די ליפלעך פאַרמאַכן זיך, ווי אַ בלום-בעכער, און מעג זיך די מומע אַ גאַנצן טאָג שרייען, אַז צילקע זאָל זיך נעמען צו דער אַרבעט, זי גיט אַ כּעס'יקן טרייסל מיטן אַקסל און שאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין!

— וואָס, דו ווילסט נישט אַרבעטן? וועסט גאָרנישט טאָן? — פרעגט די מומע.

— גאָרנישט! — דאָס וואָרט גנבעט זיך אַרויס פון אירע ליפּן און מער קיין ווערטער וועט מען שוין פון איר נישט הערן.

זי פאַרשווינדט.

ווו פאַרברענגט זי? אין פּרודנעז ביים שאָסיי-וועכטער? מיט סאַשען? ביי וועמען?

אין אַן אַנדער אָרט וואָלט איר פאַרשווינדן אַרויסגערופן אומרויקייט. נאָר דאָ אין וואַלד, וו זי איז געבוירן געוואָרן, וו אַלע ווינקעלעך זענען איר באַקאַנט. מען איז שוין צוגעוויינט צו אַלע אירע קאַפּריזן.

אָפט טרעפט, אַז זיי שווייגן ביידע איינעם: זי און דער וואַלד. זי שפּרייזט לאַנגזאַם און דער וואַלד האַלט איין זייגע טע-נער. ביימער ציען זיך נאָך לענגער אויס פון שווייגן. אַ וועוועריק האָקט איבער איר קוויטש אין דערמיט...

פון וואָס קלערט צילקע און פון וואָס קלערט דער וואַלד!

פונקט, ווי דאָס שווייגן וואָלט געוועזן אַ נויטווענדיקייט, אַ געזעץ פון דער נאַטור...

אפילו דאָס טייכל רוישט היינט נישט אַזוי שטאַרק, באַ-לעקט יעדעס שטיינדל און לויפט ווייטער און גלעט מיט נאַסן סאַמעט די ברעגן.

און זי קוקט אויף די ביימער: פאַרוואָס זעען זיי נישט? פאַרוואָס רעדן זיי נישט? זי קוקט אויף זיי, ווי אויף געשטאַלטן מיט נשמות: אַנדערע פון זיי זעען אויס ווי טאַטעס, ווי מאַמעס, אַנדערע פון זיי זעען אויס ווי קינדער, וואָס וואַקסן אונטער צווייגן ציען זיך פון איין בוים צום צווייטן, ווי הענט, וואָס גיבן „שלום", ווי הענט וואָס גלעטן...

זי לעבט אין וואַלד און לעבט מיטן וואַלד. אַביסל ווייטער פון זייער הויז פליסט דאָס טייכל טיפער.

נעמט זי זיך באָדן.

עס שווייגט די געגנט. קיין איין מענטש, קיין שום טומל און בלויז איין פרוי באָדט זיך.

אַ שיינע, אַ יונגע אומבאַרירטע וואַלד-בלום

און זי האָט לאַנג, לאַנג נישט געוווּסט, אַז איינמאָל האָט פּאַשע זי געזען אינגאַנצן נאַקעט אין וואַסער און אויפן ברעג.

ער האָט לאַנג געקוקט אויף איר.

ער האָט נאָר איין זאַך אין דער רגע געבעטן גאָט און וואַלד געבעטן, אַז זי, צילקע זאָל אים נישט באַמערקן.

ווייל אין דעראמתן איז זי געווען באַשרעקעדיק שעמעוודיק.

און עס איז אַוועק אַזוי אַ שעה.

זי האָט עס לאַנג נישט געוווּסט.

שפּעטער האָט איר פּאַשע דערציילט וועגן דעם, זי האָט זיך באַליידיקט, נאָר ער האָט געקאָנט באַרויקן און איבעררעדן.

אירס אַ פרימאָרגן...

זי שפּרינגט אַראָפּ פון איר געלעגער, ציט עפּעס אויף זיך אַרויף אַ צופליקט קליידל, אַזוי אַז די אָרעמס קוקן אַרויס, ווי בלייכע רונדע פּאָקעלן.

זי נעמט זיך זינגען, פון זיך אַליין, אָן אַ סיבה, זינגט, זינגט אָן אַן אויפהער.

די מומע ניבע שלאָפט נאָך, דער טאַטע שלאָפט נאָך און צילקעס זינגען וועקט זיי נישט אויף.

געפינט זי אַן עצה: אויף די ווענט הענגען קופערנע פּאַנען, מעדניצעס... כאַפּט זי אַ שטעקן און נעמט פּויקן אין דעם מעש...

עס נעמט הילכן איבערן גאַנצן הויז, איבערן וואַלד.

פונקט, ווי מחנות זעלנער וואָלטן אָנגעלאָפן און זיך צוהוליעט, און זיך אין זיגערישן טאַנץ געלאָזט.

כאַ, כאַ, כאַ! זי האָט צלעמען אויפגעוועקט און אַליין אַרויסגעלאָפן אין וואַלד, געעפנט די שטאַל, אַרויסגעטריבן די

צווייַ בהמות. דער ריח פון ווארעמן בהמה-מיסט גייט ארויס פון שטאל און צומישט זיך צוזאמען מיט דעם ריח פון די יונגע צוגעוואקסענע סאסנע-צווייגן.

גיט זי א ווארף מיט די אויגן אויף אלע זייטן און לאכט שטיל, לאכט בלויז מיט די העלע גרויסע אויגן.

זי פרייט זיך אן באוווסטזיין און לויפט צוריק אריין אין שטוב.

באגעגנט זי די מומע מיט שטראף-רייד.

—דו האסט דאך מיט דיין פויקן אויף טויט געקאנט דער-שרעקן.

דער טאטע וויקלט שוין אויף זיך די תפלין. ער שטייט אנטקעגן פענסטער.

פאר א בלייכער ער איז! זיין פנים שפיגלט זיך אין דער גרינקייט פון וואלד און ער זעט אויס מאט-גרין און גרין-בלייך.

צילקע דערמאנט זיך, אז אין וואלד זענען פאראן נאךביימער, נישט קיין גאלדענע סאסנעס. שווייגעדיקע געזונטע דעמ-בעס, פעסטע אלכעס. זיי זענען, ווי אפגעזונדערט פון אלע ביי-מער, זיי האבן דא פארבלאנדזשעט.

און איר טאטע, וואס דאוונט איצט ביים פענסטער, דער-מאנט איר איצט אזא אפגעזונדערטן בוים.

—מומע ניכע! וואס וועט היינט זיין?

יעדן טאג וואלט זי וועלן, אז עפעס זאל זיין. עס זאלן קומען געסט, מען זאל גיין קיין מסטיבאווע. נאר די מומע ניכע ענטפערט.

—וואס וועט היינט זיין? דו ווייסט נישט, מען וועט אפ-שאבן קארטאפל און מען וועט עס עסן מיט פוטער.

דערמאנט זיך צילקע, אז זי איז שוין טאקע הונגעריק און מען נעמט זיך צום פרישטיק.

דער טאטע דאוונט שוין נישט, ער האלט זיין אייביק ביי-כעלע און נאטירט עפעס.

וואס גייט עס צילקען אן?

זי גייט אַרויס פון שטוב, זי באַדאַרף אויספרווון דעם וואַלד.

אויב דער קוקוק וועט אויסשרייען אַ „גראַד"— וועט סאַשע הײַנט נישט קומען, אויב אַן „אום", וועט סאַשע יאָ קומען, און זי וואַרט...

פּלוצלונג שטעלט זיך איר דאָס האַרץ אָפּ.

דער „קוקוק" שרייט...

„איינס"

„צוויי"

„דריי"

און אַנטשוויגן געוואָרן.

נעמט דאָס האַרץ קלאַפּן מיט אימפּעט און זי גייט צו דער מומע ניכע „עפּעס" אַרבעטן. זי גייט מיט פרייד...

שפּעט נאָכמיטאָג איז סאַשע געקומען.

צילקע האָט נישט געוווּסט, אַז ער איז שוין אין וואַלד.

זי איז געזעסן בײַם טײַכל און געלייענט.

אַ רויט שטיק גאָלד-פּייער איז געלעגן אויף דעם גאָנטסטן בוים און דער בוים צוזאַמען מיטן פייער האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין שמאָלן וואַסער. דאָס וואַסער האָט געאיילט איבער די שטיינער און שטיינדלעך און איילנדיק צוגעמורמלט אַן אומפּאַר-שטענדלעכע אָוונט-תּפילה.

און אויף יענער זײַט פון טײַכל איז געשטאַנען סאַשע מיט אַ טונקל רונד פּנים, וואָס האָט אויסגעזען אין די שאָטנס פון די ביימער מאַט-בלאַס. ער האָט זיך באַהאַלטן אונטער די ביימער און לאַנג געקוקט אויף אַלע באַוועגונגען פון צילקען.

די אויגן זענען ערנסט געווען בײַ אים, די ליפּן צוגע-מאַכט און פאַרשטיין איז שווער געווען צי ער אַנטציקט זיך מיט צילקען, צי ער פאַרשט אויס איר כאַראַקטער, ווײַל עפּעס דערגיין אַ סוד פון דער צילקען.

ער האָט געקוקט און געטראַכט מיט וואָס האָט זי איהם אַזוי איבערראַשט, דאָס דאָזיקע וואַלד-מיידל? „פאַרוואָס אַנטלויפט ער פון שטאָט, ווו אַלץ איז אים איצט לאַנגווייליק געוואָרן? פאַר-

וואָס האָט ער אָפּגעלייגט זיין רייזע קיין אויסלאַנד צוליב איר?
—צילקע!
זי דערלאַנגט אַ ציטער, דאָס בוך פאַלט אַרויס פון איר האַנט. הייבט זי אויף די אויגן. דערזעט סאַשען און נעמט לאַכן.
ערשט אין אַ רגע שפּעטער כאַפּט זי זיך צו פאַרדעקן מיטן קלייד די נאַקעטע פיס.
און סאַשע טראַכט:
—ווילד, ווילד און די פיס, די צופיל אָפּגעדעקטע באַהאַלט זי.
זי באַגריסט אים מיט איר פריילעך געלעכטער.
צוערשט קלינגט דאָס לאַכן פרעמד אין אָוונט-וואַלד אָפּ...
איצט, ווען אַלע קלאַנגען האָבן זיך ערגעץ באַהאַלטן אין קליינע נעסטעלעך, ווען די שאָטנס פון דיביימער ציען זיך חבריש צו איינער צום צווייטן.
נאָר באַלד ווערט אַ שטיק וואַלד אָנגעפילט מיט איר לאַכן.
עפּעס האָט אָפּגעלעבט און גענומען זיך קייקלען ווייט, ווייט...
אַ סעקונדע, און עכאָ...
פון שטוב דערהערט זיך אַן אויסגעשריי:
—וואָס לאַכסטו, צילקע, וואָס לאַכסטו אַזוי
דאָס האָט זיך אָנגערופן די מומע ניכע, וועלכע האָט צוגעגרייט עסן...
—סאַשע איז געקומען,— ענטפערט פריילעך צילקע.
אין שטוב ווערט שטיל:
און סאַשע שפּרייזט איבער דעם קלעצל, וואָס ליגט, ווי אַ בריקל אויפן טייכל.
זיצט ער שוין נעבן צילקען.
—זעסט, איך בין געקומען.
—און איך האָב צו דיר געשריבן. האָסטו מיין בריוו נאָך נישט געקריגן?
—ניין! אָן בריוו בין איך געקומען, עס האָט געצויגן, געצויגן ווי אַ כישוף.

דערביי האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און באַטראַכט אַרום זיך אַ שטיק וואַלד: גרינס האָט אין גרינס זיך געשפּיגלט. אַנדע-רע סאָסנעס האָבן געהאַט גלייכע צווייגן און ביי די צווייטע האָבן זיך די צווייגן משונהדיק געפּלאָנטערט. ערגעץ האָט אַ פּיקהאָלץ געקלאַפּט מיט זיין שנאָבל טעמפּ אַ בוים, אַ דרימלדיקע לויטער-קייט האָט דורכגעשטראַלט דורך עטלעכע צווייגן...

שטיל...

צילקע האָט אויפגעהויבן אַ צווייגל מיט פריש גרינע נאָד-לען, יעדע רגע האָט זי אָפּגעריסן איין נאָדל און שפּילנדיק עס אַראָפּגעלאָזן אין וואַסער. די דינע נאָדל בלייבט שטיין אַ רגע אויפן פלאַך פון טייכל ביז אַ פּאַליע, אַ שטראָמל נעמט עס מיט מיט זיך. פּלוצלונג ווערט צילקען מיאוס אַזאַ לאַנגווייליקע אַרבעט און עס פאַרדריסט איר אודאי, וואָס סאַשע האָט זיך אויף אַזוי לאַנג פאַרטראַכט.

אַ רגע...

און סאַשע דערפילט, ווי אַ גאַנצער פאָכער מיט פרישע טראָפּנס באַשפּריצן זיין פּנים. דאָס האָט צילקע מיטן סך-צווייגל גענומען אַרבעטן איבערן וואַסער. סאַשע קוקט שוין מער נישט דורך די צווייגן אין דער לויטערקייט אַריין, ער וויל ביי איר אַרויסרייסן דאָס צווייגל און אין גראַנגל רירן זיינע ליפּן אָן צילקעס נאַקעטן אַקסל און ער בלייבט אַזוי אויף אַ סעקונדע צו-געשמידט צו איר ביז אירע אויגן שטעלן זיך אָן אויף אים:

—וואָס האָסטו געטאָן?

—אַ קוש...

—צו-וואָס?— פרעגט צילקע און די אויגן אירע לאַכן מיט דער גאַנצער טיפקייט.

סאַשע נעמט אויך לאַכן, אַזוי שטיפעריש-יונג נעמט ער לאַכן, עס קליידט זיך נישט אַזאַ לאַכן צו אים, צו אים, וואָס שטעלט אַזעלכע לאַנגזאַמע טריט און קוקט אויף אַלץ אַזוי גלייכ-גילטיק-רויק.

און גיי דערצייל פאַר דעם נאַאיוון וואַלד-מיידל פון וואָס אַזאַ בחור ווי סאַשע האָט איצט געלאַכט: אַזויפיל פרויען האָט

ער שוין געקושט און קיין איינע פון זיי האָט קיינמאָל נישט געפרעגט: „צו-וואָס".

—און דיך ווילט זיך נישט קושן?—פרעגט שוין סאַשע ביי איר.

„יאָ-ניין"!—ענטפערט זי, און פאַרשעמט זיך...

דער וואַלד, דאָס טייכל און סאַשע לוריע פון גראָדנע, אַלץ זעט און פאַרשטייט, אַז זי ווייסט אַליין נישט, פאַרוואָס זי האָט זיך פאַרשעמט ביי דעמדאָזיקן זינדיקן „יאָ-ניין".

פון אונטער די ביימער, דאָרט, שטראָמט דאָס וואַסער פון טייכל און נעמט מיט אין זיין לויפן אַזויפיל גרינע שאָטנס פון דעם סכך און נעמט מיט דאָס קלאַפּן פון צוויי הערצער. אַזעלכע הויכע-הויכע זענען ביימער און די מענטשן אַזוי קליין אַנטקייגן זיי.

סאַשע האָט דרך-ארץ פאַר דעם גרויסן אַלטן וואַלד און אין זיינע שאָטנס האָט ער גענומען טראַכטן, שוין לאַנג נישט-געטראַכטע געדאַנקען.

אַז ער, וואָס האָט פיל מאָל געמיינט, אַז די וועלט איז זיינע פילט זיך גאָר אין דער אמתן ווי אַן איבעריקער אויף דער וועלט...

נאָר...

זי איז אַזוי דרייסט צו אים די צילקע. זי נעמט אים טרייסלען און שטראָפן:

—פאַרקלער זיך נישט, הערסטו דער וואַלד שווייגט, די מומע ניבע שווייגט, דער טאַטע שווייגט און דו ועסט אויך שווייגן?

—ניין, עס טראַכט זיך אַביסל, דאָ איז אַזוי רויק...

—פון וואָס טראַכסטו? פון דיינע שטעט? פון וועמען טראַכ-סטו, פון וואָס טראַכסטו? זי לאָזט אים נישט איינזיצן.

און אַז ער קלערט נאָך אַלץ פון „זיינע שטעט", דער סאַ-שע, ווערט זי שוין גאָר ברוגז און זי כאַפּט זיין גראָען קאַפּע-ליוש, וואָס וואַלגערט זיך לעם זיי ווי אַן עדות פון פאַרגאַנגענע צייטן און זי וואַרפט אים אַריין אין טייכל.

און לאַכט און פּאַטשט מיט די הענט.

דער קאַפּעליוש פאַלט אויפן פלאַך פון וואַסער מיטן דעק אַראָפּ און שעפּט נישט אָן קיין וואַסער, נעמט ער שווימען לאַנג-זאַם-לאַנגזאַם.

סאַשע הייבט זיך אויף פון אָרט און וויל אַרויסראַטעווען זיין „טאַליסמאַן״ — ווי זיין מוטער האָט אַמאָל אָנגערופן זיין גראָען הוט. צילקע לאָזט אים נישט.

דער קאַפּעליוש שווימט און זיי גייען אים נאָך אַ שטיק וועג.

צילקע גייט באָרוועס, זי וואָלט קאָנען אַריינלויפן און אים לייכט אַרויסנעמען, נאָר עס ווילט זיך איר רייצן דעם סאַשען, וואָס וויל זיך נישט שיידן מיט אַזאַ אַלטן קאַפּעליוש.

אַ שטיק וועג אין וואַלד אַריין. דאָס טייכל האָט זיי פאַר-פירט, אָבער דער קאַפּעליוש שעפּט אַלץ מער וואַסער אָן און נעמט שוין זינקען. לויפט דאַן צילקע אַריין אין טייכל מיט די באָרוועסע אָפּגעדעקטע פיס און קומט צוריק מיטן גראָען הוט.

און סאַשע מוז אים אַזוי אָנטון דעם קאַפּעליוש מיטן וואַ-סער אויפן קאָפּ. עס העלפן נישט קיין רייד. זי לאַכט בעת עס ווערט אים קאַלט און נאַס אין קאָלנער. זי האָט אויסגעפירט און איז גליקלעך.

„אַז איך וועל זיך אַזוי לאָזן״—טראַכט סאַשע, וועט זי פון מיר מאַכן אַ פיינעם סך-הכל״. און אין האַרצן טוט אים שטאַרק הנאה, וואָס אַזעלכע קינדערשע שטיפערייען פרייען אים אויך און עס טוט אים טאַקע הנאה דאָס, וואָס ער האָט איצט אויף אַן אמת פאַרגעסן „זיינע שטעט״ מיט אַלצדינג.

זי הייבט אויף יעדע רגע אויף אים די אויגן, פונקט ווי זי וואָלט וועלן דערגיין פון אים עפּעס אַזוינס, וואָס זי ווייסט נאָך נישט און בעת אירע גראָ-בלאָע אויגן קוקן אַריין אין זיי-נע, דוכט זיך אים דאַן, אַז די זון קוקט אַריין אין וואַלד, אין אַלע פאַרשאָטנטע ווינקעלעך קוקט זי אַריין און עס ווילט זיך באמת נעמען זינגען, שפּילן...

פּלוצלונג דערהערן זיך אַ סך טריט און אַ סך שטימען. ביי-דע, צילקע און סאַשע, הייבן אויף די אויגן און זיי דערזעען, ווי

עס קומט אָן אַ גאַנצע מחנה פויערים מיט זעגן און העק. אַנ־דערע גייען באָרוועס, אַנדערע אין פּאַסטעלעס. זיי רעדען און קוקן אויף דר׳ערד.

סאַשע באַטראַכט זיי נייגעריק און צילקע דערקלערט איס, וואָס דאָס זענען פאַר אַ מענטשן:

—דאָס זענען האָלץ־העקערס. דאָרטן וויט האַקט מען אויס אַ שטיק וואַלד, זיי גייען איצט פון דער אַרבעט.

און אין דער רגע וואָלט שוין סאַשע וועלן, אַז זיין טאַטע זאָל נישט האַנדלען מיט די וועלדער און מען זאָל זיי נישט אויסהאַקן.

אין וואַלד איז גוט. נאָר אין וואַלד קאָנען אויסוואַקסן אַזעלכע צילקעס. און ווו וואָלט ער איצט אַזוי גוט־רויק פאַר־בראַכט? צילקע רופט זיך ווידער אָן:

—דער טאַטע דערציילט אָפט, אַז אויך אונזער וואַלד וועט מען פאַרקויפן און אויסהאַקן. נאָר עס גלייבט זיך נישט.

—טאַקע, עס גלייבט זיך נישט,—ענטפערט סאַשע,—וואָס וועט זיין מיט אַלע וועווריקעס און מיט צילקען וואָס וועט זיין?

דערהערט זי: „וועווריק״—דערלאַנגט זי אַ שפרונג, איז שוין לעם אַ בוים און נעמט קלעטערן, פלינק, פלינק... שוין הויך אַרויפגע־קלעטערט און מיטאַמאָל אַ שפרונג אַראָפּ. און לאַכט...

סאַשע איז געשטאַנען אַן איבערראַשטער, אַן אַנטציקטער פון איר פלינקייט...

דאָס פּנים אירס האָט קינדיש און שעלמיש געלאַכט. זי וויל שוין נישט איינשטיין אויף איין אָרט, זי וויל שוין לויפן און סאַשע זאָל איר נאָכיאָגן.

אָט אַזוי שטענדיק: צוליב דעם. דאַכט זיך, איז זי געבוירן געוואָרן, עמיצער זאָל איר שטענדיק נאָכיאָגן און זי זאָל זיך רייצן מיט עמיצן.

זיי יאָגן זיך. זי איז פלינקער, און ער ווערט גיך מיד.

—שעם זיך, סאַשע, שעם זיך, שעם זיך!

מיטאַמאָל דערפילט ער מיט פרייד, אַז וואָס אַ טאָג ווייטער פאַרגעסט ער זיך אַלץ מער, אַז ער איז שוין נישט „ע ר״.

און אַליין האָט ער געטראַכט, אַז ער איז שוין געווען אַן ערנסטער מענטש, אפילו שוין אַביסל צו ערנסט, צו סקעפטיש, צו אַלץ, צו אַלע פרייד פון לעבן און מיטאַמאָל אַזאַ יינגלשע געשיכטע.

לויפן אין וואַלד צו אַ באָרוועס מיידל, צו איר, דעם משרת טאָכטער.

לויפן אָן קאָפּ, אָן איבערקלערן. וואָס איז דאָס? וואָס טוט זיך דאָ מיט אים.

וואָס דאָ איז?

ער איז דאָ רויק, ווי ביי דער בעסטער מאַמען, ווי ביים בעסטן פריינט. יעדעס וואָרט, וואָס ער רעדט, קומט אַרויס פון אַ באַרויקטער נשמה. אָט זיצט ער זיך אויס אונטער די ביימער. קוקט אויפן טייכל און אויף דעם פלאָנטער פון די צווייגן, קוקט אויף צילקען, רעדט און שווייגט און ס'איז אים גוט.

מיטאַמאָל רייסט צילקע איבער די שטילקייט:

—די מומע ניכע לאַכט פון מיר. זי זאָגט, אַז דו האָסט אין שטאָט שענערע מיידלעך פאַר מיר, דו ווייסט, זאָגט זי, מיט מיר נישט חתונה האָבן.

האַ! חתונה האָבן. פון וואַנען האָט זיך גענומען צו איר אַזאַ געדאַנק, צו איר?

און ער דערמאָנט זיך סאַשע, אַז איינמאָל האָט ער צו איר געזאָגט, אַז אויב אים וועט זיך וועלן, וועט ער מיט איר חתונה האָבן און ער וועט ביי קיינעם נישט פרעגן.

יאָ, נאָר ער האָט עס שוין פאַרגעסן, און עס ווילט זיך איצט וועגן דעם נישט רעדן.

—ניין, צילקע, נישטאָ קיין בעסער מיידל פאַר דיר. דו—דו—

ער געפינט נישט קיין וואָרט און צילקע העלפט אים אַרויס. זי נעמט ווידער לאַכן.

איצט קומט שוין די מומע ניכע אַרויס, זי באַטראַכט זיי מיט אַ לייכטער בייזקייט, זי איז אומרויק, וואָס דער סאַשע קומט אין וואַלד.

דאָס מיידל איז אַ יתומה און מען דאַרף גוט אַכטונג געבן.

די מומע ניכע האָט עפּעס אַ ברום געטון און איז צוריק אַריין אין שטוב.

—זי איז בייז דיין מומע?—האָט סאַשע געפרעגט

—זי איז אַ גוטע. נאָר ווען דו קומסט ווערט זי גאָר אַן אַנדערע.

דערווייל איז נאַכט געוואָרן, אַ וואַנט איז געוואָרן פון שוואַרצן וואַלד און בלויז דאָס טייכל האָט געדעדט. איצט האָט עס אַלץ דערציילט, וואָס באַטאָג איז געשען—אַז וועוועריקעס האָבן געקוויטשעט און געשפּרונגען, אַז ווייט-ווייט האָט מען אַ סך ביימער אויסגעהאַקט און אַז צילקע האָט אַ גאַנצן טאָג גע-בענקט...

—מיר דאַכט זיך—זאָגט צילקע,—אַז קיינמאָל וועל איך זיך קיין אָרט נישט געפינען. מענטשן שרעקן מיך און דאָ אין וואַלד איז אַמאָל אַזוי אומעטיק, אַזוי איינזאַם.

דער טאַטע איז שווייגנדיק, די מומע ניכע ווערט אַלץ על-טער, נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדען.

סאַשע האָט זי לאַנג שווייגנדיק אויסגעהערט און געריי-בערט איין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן.

—צילקע! וואָס וואָלסטו וועלן מער פאַר אַלץ אויף דער וועלט?—האָט סאַשע ביי איר געפרעגט...

—איך ווייס אַליין נישט. באַנאַכט ווייס איך נישט, וואָס איך וויל. באַנאַכט, ווען דער וואַלד שלאָפט, איז מיר אומעטיק, באַטאָג טראַכט איך פון קיין זאַך נישט...

—און איך וויל, דו זאָלסט שטענדיק לאַכן. שטענדיק זאָרג-לאָז זיין.

אינדעם איז אָנגעקומען די מומע ניכע און גערופן עסן. פון דער גרויסער הילצערנער געביידע האָבן געקוקט העלע פּיי-ערלעך. צילקע איז די ערשטע אַריינגעלאָפן אין שטוב און גע-נומען זינגען.

סאַשע האָט אונטערגעכאַפּט די מעלאָדיע, נאָר די מומע ניכע האָט געוואָרפן בייזע פייערלעך אויף ביידן.

און די גאַנצע נאַכט איז זי נישט געשלאָפן, ווייל צילקע

מיט סאַשען זענען אַזוי אָפּגעזעסן ביים טייכל ביז פאַרטאָג.

פון וואָס האָבן זיי גערעדט? און פון וואָס האָבן זיי נישט גערעדט אין די לאַנגע שעה'ן פון וואַלד-פינסטערניש?

גערעדט האָט מער סאַשע. ער האָט שוין איצט געוווּסט, ווי צוצוגיין צו איר נשמה אַזוי, אַז זי זאָל אים פאַרשטיין. און כאָטש אַ סך מאָל האָט ער זיך אויפגעהויבן צו הויך, ער איז אַוועק רעדן איבער מענטשן, איבער ווייטע פאַרגאַנגענע צייטן; פלעגט אָפט „פאַרמסר'ן די גאַנצע וועלט. גראָד פאַר איר האָט זיך אים געוואָלט עפענען זיין נשמה. דערציילן אין וואָס ער גלויבט נישט.

זי האָט געהאָרכט און געלאָזט אים רעדן וועגן „עפּעס אַנדערש". ביסלעכווייז, לאַנגזאַם האָט זי אָנגעהויבן פאַרשטיין אַ סך פון דעם „עפּעס אַנדערש" און פרעגן פלעגט זי ביי סאַשען אַ סך פראַגן, וועלכע האָבן אים פריילעך געמאַכט ביז צום לאַכן.

איינס האָט שטאַרק גערייצט סאַשע לוריע: זי, די טאָכטער פון דעם שווייגנדיקן יידן איסר, זי, דאָס וואַלד-מיידל, וואָס לעבט אַזוי נאָנט דאָ לעם דער נאַטור, מיט דער נאַטור — זי ווייסט נאָך גאָרנישט.

זי ווייסט נישט פאַרוואָס ער, סאַשע, קושט זי אַזוי הייס, פאַרוואָס אים איז אַזוי טייער איר האַנט, בעת ער האַלט איר אין זיין האַנט, פאַרוואָס אים רייצט איר יעדעס פּיצעלע אָפּגעדעקטער קערפּער...

זי ווייסט נישט?

און אפשר ווייס זי עס יאָ, נאָר דאָס איז בלויז אַ פרוען-שפּיל, אַ קאָקעטעריי, מיט וואָס זי וויל אים נעמען.

ניין, פון די אַלע שמועסן, פון די אַלע באַאָבאַכטונגען זיינע האָט סאַשע אַרויסגעטראָגן אַ באַשלוס, אַז זי איז טאַקע נאַאיוו, נאַאיוו ביז דעם קינדערשן נישט-וויסן...

עפּעס פילט זי יאָ. דאָס בלוט איז שוין רייפיק און עס פאָדערט עפּעס אַזוינס, פון וואָס מען ווערט שעמעוודיק און רויט, נאָר דאָס איז אַלץ ביי איר אַזוי אומבאַוווּסטזיניק, אַזוי אומפאַרשטענדלעך, און...

סאַשע זיצט מיט איר ביים טייכל אַ גאַנצע נאַכט. פון שטוב האָט צילקע אַרויסגעטראָגן אַ קאָלדרע און זי אויסגעשפּרייט אין וואַלד. זי פאַלט צו צו סאַשען, טוליעט זיך צו מיט טריי־שאַפט פון אַ קינד און נעמט שווייגן, רייסט איבער דערנאָך די שטילקייט מיט אַזאַ פראַזע:

—דער טאַטע איז שוין מער ווי אַ וואָך אין דערהיים נישט געווען.

צו זיך אַליין האָט זי עס געזאָגט. צום וואַלד, צום טייכל, אָבער נישט צו סאַשען, וועלכער האָט דאָ אין וואַלד גענומען מאָדנע טראַכטן, אַריין איז ער אין זיך. די שטילקייט האָט אויף אים שטאַרק געווירקט און נישט איינמאָל האָט ער דאָ שוין איבער־געשאַצט אַלע ווערטן. ער האָט זיך געאַמפּערט אין די געדאַנקען זיינע מיט דער וועלט, וועלכע האָט פון אים עפּעס געפאָדערט און פון וועלכער ער האָט נאָכמער געפאָדערט... מיטאַמאָל דערשפּירט ער, אַז לעם אים, כמעט אויף זיין האַרץ קלאַפּט אַ צווייט האַרץ.

צילקע שלאָפט, און ער, דער, וואָס האָט שוין אַזוי פיל פרויען באַגעגנט און געשיידט, ער האָט רויק איר שלאָף אָפּגע־היט און עס איז אים אַזוי טייער די רגע.

אפשר איז דאָס געווען די ווירקונג פון דער נאַכט, וועל־כע האָט דאָ אין וואַלד זיך אָנגעטון אין אירע שוואַרצסטע קליידער.

און אין דערהיים איז איינע אַליין געשלאָפן די מומע ניכע. איר גרויער קאָפּ האָט אַ סך מאָל אין אומרו זיך געוואָרפן אויפן גלעגער: דעם לוריעס סאַשקע איז ווי אַ בייזער וואָלף אין וואַלד דאָ אַריינגעקומען.

נאָר וואָס קאָן זי, אַן אַלטע יידענע העלפן. קיינער, אפילו די נאַכט האָט אירע זיפצן נישט געהערט.

די נאַכט רוקט זיך שוין אַוועק. אָט האָט זיך אַ העל גע־טון צווישן דיביימער אין וואַלד און דאָס טייכל קוקט אַרויס, ווי אַ לאַנג שטעגל אַ באַלויכטענס.

דאָס טייכל לויפט און צזאָגט זיך צום פרימאָרגן אין זיי־

ז. סעגאַלאָוויטש.

נע אייגענע וואַסערן.

דער שאָסיי-וועכטער איוואַן איז געקומען ביי סאַשען פרעגן, צי ער וועט באַלד פאָרן אין שטאָט, ווייל ער דאַרף עס וויסן. ער באַדאַרף דאָך איינשפּאַנען דאָס פערד. און סאַשע דערמאָנט זיך, אַז ער האָט דאָ אַ פערד מיט אַ ליניייקע, אַז ער באַדאַרף טאַקע היינט זיין אין שטאָט.

צילקע כאַפּט זיך דערוויל אויף, און אַז זי דערהערט וועגן סאַשעס אַוועקפאָרן ווערט זי אומעטיק.

—פאָר נישט, סאַשע. דער טאָג ציט זיך אַזוי לאַנג, ווען דו ביסט נישטאָ. פאָר נישט, סאַשע.—בעט זי זיך ביי אים און דאָ פאַרדריסט עפּעס סאַשען: ער באַדאַרף דאָך יאָ פאָרן נייטיק אין שטאָט און ווען זי בעט אים, ער זאָל בלייבן, נעמט ער זיך קווענקלען און ער פאַרלירט אַביסל זיין גלייכגעוויכט, עס פאַרדריסט אים אומבאַוווּסטזיניק.

נאָר ער געפינט זיך און דרייט זיך אַרויס מיט אַ צוזאָג:—מאָרגן, נאָכמיטאָג, קום איך ווידער און איך וועל שוין פאַרבלייבן דאָ אויף עטלעכע טעג.

זי באַגלייט אים ביז דעם שאָסיי-וועכטערס הייזל. עס איז נאָך גענוג פרי. דער וואַלד איז, אָבער, שוין גענוג באַלויכטן און זון מיט לייכטן ווינטל פאַרצוקן די לעצטע טוי-טראָפּנס. וואַלד שמעקט מיט פרישע צוגעוואַקסענע צווייגלעך. אַ קאָלירטער שמעטערלינג פלאָנטערט זיך צווישן די ביימער, באַווייזט זיך און פאַרשווינדט, באַווייזט זיך און פאַרשווינדט.

אַמאָל פלעגט צילקע זיך יאָגן נאָך אַזאַ שמעטערלינג, נאָכלויפן ביז די טיפענישן פון וואַלד. און איצט שטייט זי און קוקט, ווי סאַשעס ליניייקע לויפט אַוועק מיטן ווייטן שאָסיי. ער קוקט זיך אום, סאַשע, און לאַכט מיט זיינע גרויסע אויגן און מאַכט מיט די הענט...

גייט זי צוריק פאַרטרויערט, נישט פאַרטרויערט, פריילעך, נישט פריילעך. ער זינגט דאָך אַזוי האַרציק, דער וואַלד, עס איז אַזוי ליכטיק, יונג-פרימאָרגנדיק, ווי קאָן מען זיין אומעטיק? ער איז דאָך, אָבער, אַוועקגעפאָרן סאַשע און ביז מאָרגן נאָכמיטאָג

וועט זי וואַרטן אויף אים און די מומע ניכע וועט די גאַנצע צייט וואַרפן שווייגנדיקע בליקן, בייזע בליקן און אויב דער טאַטע וועט קומען, וועט ער אויך זיין שווייגנדיק... ווי קאָן מען זיין פריילעך?

גייט זי אַריין אין שטוב. די מומע ניכע איז שוין אין מסטיבאָווע אַוועק איינקויפן צום עסן. די קופּערנע פאַנען לייכטן פון דער זון, וואָס רייסט זיך אַריין אין צימער. די געלעגערס זענען נישט אויפגעבעט, פונקט ווי קיין מענטש איז דאָ שוין לאַנג נישט געווען, עטלעכע פוילע פליגן זשומען... ווערט איר לאַנגווייליק און שווער...

שטיל אויף דער וועלט, אַזוי שטיל אין וואַלד.

און אין דער שטילקייט דערהערט זי, ווי דאָס טייכל רוישט און רופט. דערמאָנט זי זיך, אַז זי האָט זיך נאָך היינט נישט געוואַשן, כאַפּט זי זייף און האַנטוך און גייט צום טייכל...

צום ערשטן שפּיגלט זי זיך גוט אָן אין וואַסער און ווען עס דערעסט איר, ווייזט זי זיך אַליין אַ צונג און זי ווערט פון אַזאַ שפּאַס אויפגעמונטערט. נעמט זי שווענקען די פיס און אַזאַ שטיפערין וואָלט וועלן, אַז דאָס וואַסער זאָל זיך צוליב איר אָפּשטעלן, זי וואָלט וועלן רעדן מיטן וואַסער, מיט די ביימער — זי איז דאָ אַליין, אַליין...

דערנאָך האָט זי אָפּגעדעקט טיף דעם האַלדז און גענומען שעפּן מיט די הענט גרויסע הויפנס וואַסער און ווי אַ קאַטשקע זיך געפּליעסקעט כסדר, כסדר... אַזוי, אַז די מומע ניכע, וועלכע איז איצט אָנגעקומען פון מסטיבאָווע, האָט זיך נישט איינגעהאַלטן און גענומען לאַכן מיט איר אַלט קול... די מומע ניכע לאַכט און צילקע האָט זיך דערפרייט, אַבי זי וואַרפט נישט קיין בייזע בליקן וועט שוין זיין אַ גוטער טאָג.

און דער טאָג און די נאַכט זענען אַריבער רויק אין אַרבעט, אין זינגען און אין שלאָפן. צילקע האָט געוואַרט אויף סאַשען און די מומע ניכע האָט זיך געפרייט, וואָס סאַשע איז אַוועקגעפאָרן.

סאַשע איז דערווייל שוין געפאָרן צוריק אין וואַלד, אַליין

איז ער געפֿאָרן אויף זיין ליניִקע. ער האָט מיטגענומען עטלע־
כע ביכער, געטראַכט אַביסל צו אַרבעטן.

עס האָט אים געפרייט, וואָס ער האָט וואָרט געהאַלטן און
דאָס, וואָס צילקע וועט זיך פרייען מיט זיין קומען.

ער האָט געטראַכט, אַז עס איז גוט, ווען עמיצער בענקט
און וואַרט אויף דיר. דער שאָסיי האָט זיך געצויגן אַן אויסגע־
פוצטער, אַ גלאַטער, מיט וואַלד פון ביידע זייטן. האָט דאָס פערדל
געוואָלט איז עס געלאָפן פלינקער, האָט זיך עס פאַרגלוסט—האָט
עס גענומען שטעלן לאַנגזאַמע טריט. סאַשע לוריע האָט עס
נישט געיאָגט... דער וואַלד מיט צילקען וועלן נישט אַנטלויפן.
ער האָט זיך גאַנץ רויק געטראַכט.

וועגן וואָס?

טאַקע וועגן צילקען.

צי געהערט זי צו „זיינע” מענטשן?

ער האָט זיך געהאַט אַ באַגריף וועגן מענטשן, וועלכע ער
האָט צוטיילט אויף „זיינע” און „נישט זיינע”.

„זיינע” מענטשן האָבן ביי אים געהייסן אַזעלכע, וואָס
האָבן נשמות מיט סטרונעס, זינגנדיקע נשמות. מענטשן, וואָס מען
קאָן פון זיי שטענדיק עפּעס דערוואַרטן אַ נייעם קלאַנג, אַן אומ־
געריכטע באַוועגונג, אַ ציטער, אַן אויפרעגונג; מענטשן, נישט אינ־
גאַנצן אַנטפּלעקטע, נישט קיין פאַררונדעטע, נישט קיין פאַרענ־
דיקטע. אַזעלכע, וואָס דערזאָגן נישט אַלץ און וואָס גיבן אַלץ
נישט אַוועק. רייכע זענען אַזעלכע מענטשן, רייך אפילו אין אָרעמ־
קייט... מיט איין וואָרט: מענטשן מיט „סטרונעס”. און אַז מען
האָט סטרונעס קאָן מען דאָך אויף זיי שפּילן אַלע מעלאָדיעס,
אַרויסבאַקומען אַלע קלאַנגען און שטענדיק בלייבט נאָך איבער
אין זיי מוזיק, דאָס נישט געשפּילטע, דאָס נישט אַרויסבאַקומענע.

די איבעריקע אַלע, די „נישט זיינע”— האָט ער גערופן
„קוואַדראַטן”, פאַרמאַכטע פון אַלע זייטן, פירקאַנטיקע, פאַרענדיק־
טע טרומנעס.

פון אַזעלכע איז סאַשע אַנטלאָפן.

צילקע האָט יאָ סטרונעס און כמעט אַלע נישט קיין גע־

רירטע, בעת אַזאַ וועט דערפילן, וואָס דאָס איז אַזויגסליידנ־שאַפט, וועט עס זיין אַ פייער... בעת זי וועט זיך אַביסל באַקאָנען מיטן לעבן...

סאַשע לוריע האָט זיך אַזוי געפירט זיינע געדאַנקען... פלוצלונג האָט מיט אים פּאַסירט אַזויגס, וואָס אים האָט זיך מיט אַ רגע פריער און מיט יאָרן פריער נישט געחלומט.

פון וואַלד זענען אַרויסגעלאָפן דריי פויערים מיט שטעקנס, באַרוועסע פויערים, זיי זענען צוגעלאָפן צו זיין פערד, אים אָפּגעשטעלט און מיט אַלע כוחות גענומען שלאָגן סאַשען מיט די שטעקנס, מיט די הענט. עס איז געווען אַזוי אומגעריכט, ער האָט אפילו נישט באַוויזן צו פרעגן: „פאַרוואָס", ער איז בלויז פון דער ליגייקע אַראָפּגעשפרונגען און פאַר זיינע אָנפאַלערס איז דאָס נאָך געווען בעסער, זיי האָבן ערשט איצט אים געקאָנט ווי געהעריק דערלאַנגען מיט די שטעקנס.

גיך, פלינק האָבן זיי אים אָנגעשלאָגן און אַריינגעלאָפן צוריק אין וואַלד...

סאַשע איז אַזוי געשטאַנען עטלעכע מינוט אַ צומישטער, דער קאָפּ זיינער איז געווען צובלוטיקט, דער קאַרק, די הענט האָבן ווי געטון. ער האָט געוואָלט זיין רויק און איז געווען רויק. נאָר ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין... וואָס איז דאָ אַזוינס געשען? אפשר איז דאָס אין חלום: ניין, דער קאָפּ טוט צו שטאַרק ווי און ס'איז עפּעס אַזוי מיאוס אויף דער נשמה: צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער קלעפּ באַקומען. ער האָט זיך טיף פאַרשעמט פאַר די רויקע וועלדער, פאַרן הימל, פאַר זיין פערד, וואָס האָט צוגעזען די גאַנצע געשיכטע...

אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס האָבן אים פרעמדע מענטשן געשלאָגן?

ער איז דאָך געווען רויק, איז ער צוגעפאָרן צו אַ וואַסער און אָפּגעוואַשן דעם קאָפּ, וואָס שטייט אַביסל אין דער זייט פון שאָסיי.

צילקע האָט אים שוין אָפּגעוואַרט, זי האָט זיך דערפרייט און באַלד זיך דערשראָקן, בעת זי האָט דערזען די בלוט־פלעקן

אויף זיינע בגדים...

—וואָס איז געשען?

סאַשע האָט לאַכנדיק דערציילט דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויפן שאָסיי, די מומע איז אַרויס און זי האָט אַלצדינג אויסגעהערט. זי איז געלאָפן ברענגען פון שטוב וואַסער מיט לייוונט. מען האָט סאַשען דעם קאָפּ איבערגעבונדן.

—אָבער ווער און פאַרוואָס?

צילקע האָט אַ רגע געטראַכט און פּלוצלונג אַ געשריי געטון:

—דאָס איז פּרויקעס אַרבעט... פּרויקעס, פּרויקעס אַרבעט.

—ווער איז דאָס דער פּרויקע?—איז סאַשע צוגעשטאַנען.

און צילקע האָט גענומען דערציילן וועגן מסטיבאָווע, וועגן די לאַנגע ווינטער-נעכט מיט דעם פּליקן די פעדערן, וועגן פּרויקען, וועגן די מיידלעך, וואָס ער פּלעגט קושן. די גאַנצע קינדער-געשיכטע אירע האָט פאַרבייגעשוועבט פאַר סאַשען פון איר דערציילונג.

זי האָט אַ סך געפּלאַפּלט, זי האָט, דאַכט זיך, פאַרגעסן אין דער רגע אָן סאַשען און אַז ער איז פאַרוווּנדעט. סאַשע אַליין האָט פאַרגעסן, וואָס מיט אים האָט אויפן שאָסיי פּאַסירט, אַזוי לעבעדיק אויפגעלייגט האָט זי גערעדט און געמאָלט זומער נאָך זומער, ווינטער נאָך ווינטער; טעג, יאָרן זענען פאַרבייגעשווומען און אין די טעג האָט זיך איינגעפּלאָנטערט עפּעס אַ פּרויקע מיט גלאַנציקע שטיוועלעך; אַ בחור, וואָס קושט אַלע מיידלעך און שיכּורט מיטן סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו; אַ פּרויקע, פאַר וועלכן די גאַנצע געגנט האָט מורא. און דער פּרויקע זאָל דאָס האָבן אָנגעשיקט אויף סאַשען די דריי פּויערים, זיי זאָלן אים אָנברעכן די ביינער דערפאַר, ווייל זי, צילקע, לאָזט זיך נישט קושן... זי האָט טאַקע אַזוי געזאָגט די צילקע: „ווייל איך לאָז זיך נישט קושן".

—און פאַרוואָס לאָזטו זיך נישט קושן פון אים, אַלע מיידלעך לאָזן זיך דאָך יאָ...

האָט צילקע געשוויגן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

אין דעם זעלבן אָוונט איז געקומען איסר אין וואַלד און

איז פארבליבן אויף עטלעכע טעג. אויף מארגן איז אויך אראפגעפארן דער אלטער לוריע מיט סוחרים. אין וואלד האט אביסל געטומלט פון שטאטישע מענטשן. די מומע ניכע האט געארבעט, צילקע אויך.

סאשע האט געלייענט און געבלאנדזשעט אליין, דער וואלד האט אים זייער בארויקט, נאר זייער אפט פלעגט ער זיך דערמאנען די קלעפ, וואס ער האט באקומען.

עס האט אים רוען נישט געלאזט און ער האט זיך איינמאל אפגעטראכט אזא שטיקל ארבעט: ער איז אוועק קיין מסטיבאווע.

גייענדיק האט ער זיך געלאזט דערמאנען פארשידענע איבונגען פון „פייט", וואס אים האט אמאל געלערנט א חבר אין די בערג:

„מיט דער רעכטער האנט שלאגט מען דעם געגנער, מיט דער לינקער פארטיידיקט מען זיך. דערלאנגען מעג מען אומעטום, נאר נישט נידעריקער פון פאס. אויב דער געגנער טראגט ברילן, טאר מען אין פנים נישט שלאגן..."

א שאד נאר וועט זיין, אויב דער פרויקע טראגט ברילן. ניין, אזא לעב-יינגל טראגט אודאי נישט קיין ברילן. מענטשן מיט ברילן האבן קיל בלוט...

איז זיך סאשע געגאנגען און געטראכט:

א מענטש האט הענט און ער מוז זיי אמאל אויסנוצן.

געקומען אין מסטיבאווע האט ער ארויסגערופן פרויקען.

„אן ברילן"—האט ער א טראכט געטון.

—איך בין אלעקסאנדער לוריע,—האט ער זיך פארגעשטעלט,— פון גראדנע, סאשע לוריע. מיין טאטע האט דא וועלדער, איצט האט ער געקויפט א נייעם וואלד ביי סווישלאטש, מיר באדארפן א מענטשן...

פרויקע האט אויף אים כיטרע א קוק געטון און גענומען שפרייזן.

—וואס ווילט איר פון מיר?

—מען האט מיר דערציילט, אז איר גייט ארום אן ארבעט.

אפשר וואָלט איר וועלן אָננעמען די שטעל...

—איך אין וואַלד?—האָט זיך פּרויקע געוווּנדערט.

סאַשע איז מיט אים דערווייל אָפּגעגאַנגען אַלץ ווייטער פון דייער שטוב און אַלץ נענטער צום פעלד און דאָס איז טאַ-קע געווען סאַשעס כוונה: אים אַרויספירן אין אָפענעם פעלד אַריין.

און אין פעלד...

סאַשע איז גלייך צוגעטרעטן:

—פאַרנדיק מיט אַ וואָך צוריק אין וואַלד אַריין זענען מיך באַפאַלן דריי פּויערים און זיי האָבן מיך געשלאָגן... קיינער קאָן מיך דאָ נישט, קיינעם קיין שלעכטס נישט געטון, עס איז אָבער פאַראַן אַ חשד, אַז דאָס האָט איר אונטערגעשטעלט די פּויערים...

פּרויקע האָט פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

ביי סאַשען האָט פּרויקעס שווייגן צוגענומען דעם כעס. אַ מענטש, וואָס שווייגט האָט חרטה און דאָס אַנטוואָפנט. איז ער צוגעשפּרונגען און אים אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט.

—איר זענט זיך מודה, יאָ? איר זענט באַגאַנגען...

—נאָר פּרויקע האָט פּלוצלונג אַרויסגעכאַפּט די האַנט און זיך גענומען גרייטן צום קאַמף.

איין רגע...

און סאַשעס פויסטן האָבן זיך גענומען שיטן אויף פּרויקעס פּנים און קערפּער. ער איז געווען דער אָנפאַלער, דער ערשטער, און אים האָט זיך איינגעגעבן, כאָטש פּרויקע האָט זיך געוואָרפן מיט זיין גאַנצער בריה'שקייט אויף אים. זיי האָבן זיך שוין געשלאָגן אָן יעדער מעטאָדע, געהאַקט זיך מיט די פיס, מיט די הענט, געביסן זיך...

סאַשע—דער בערישער, דיקער יונגערמאַן—האָט געזיגט. ער איז געלעגן אויף פּרויקען און נאָר געוואַרט, אַז יענער זאָל זיך אונטערגעבן, און ווי נאָר אַ ריר—כאַפּט פּרויקע פרישע קלעפּ

דערנאָך האָט זיך סאַשע אויפגעהויבן. פּרויקע איז געבליבן ליגן אויף דר'ערד אַ צובײילטער. אַ שטיק פעלד איז פון זייער

געשלעג צואָקערט געוואָרן. —סאַשע האָט גערעדט בייז און אויפ-גערעגט:

—אָנשיקן אויף איינעם דריי מיט שטעקנס, אָנשיקן אויף איינעם דריי, דאָס איז אַ נידערטרעכטיקייט און אָט האָב איך באַצאָלט...

פּריקע האָט געשוויגן. דאָס גאַנצע געשעעניש איז פאָרגע-קומען אַזוי אומגעריכט און קלעפּ האָט ער באַקומען נישט קיין קליינע. ער האָט געשוויגן, ווי יעדער שולדיקער פחדן און סאַשע האָט זיך לאַנגזאַם גענומען גיין צוריק און איז אַוועק פון מסטי-באַווע אַ באַרויקטער, אַוועק צוריק אין וואַלד, ווו ער האָט קיי-נעם פון דער געשיכטע אַ וואָרט נישט דערציילט.

אין דעם זעלבן אָוונט איז איסר אַוועקגעפאָרן. די מומע ניכע איז ווידער שטאַרק אומרויק געווען און צילקע מיט סאַשען האָבן אָנגעצונדן אַ שייטער אין וואַלד און געזעסן ביים פייער. שפּעטער איז געקומען דער וואַלד-וועכטער, ער האָט זיך געבייזערט, וואָס מען לייגט אָן פייער אין וואַלד. נאָר ווען ער האָט געזען, אַז ער האָט דאָ צו טון מיט לוריעס זונדל, האָט ער אַראָפּ-גענומען דאָס היטל און זיך אַוועקגעזעצט רעדן וועגן וועלדער, וועגן פּריצים און וועגן יאַגד...

און אין רעדן האָט ער אַליין, שוין דער וועכטער פון וואַלד, צוגעוואָרפן טרוקענע צווייגן...

V

## צילקע דערוויסט זיך...

פרויקע האָט פאַרשוויגן די גאַנצע געשיכטע און קיינער האָט אין שטעטל נישט געוווסט זיין מפּלה, און ער אַליין האָט נישט שטאַרק געליטן, וואָס דער יונגער לוריע האָט אים אָנגעבראָכן די ביינער.

דאָס איז דאָך פּאָרט לוריע. ווען אים, פרויקען, וואָלט אַ צווייטער אָנגעשלאָגן, אַזאַ איינער פון זיין גלייכן, דעמלט וואָלט ער אַ סך מער געליטן און ער וואָלט עס נישט פאַרשוויגן.

נאָר אין אַלגעמיין איז אין פרויקען פאָרגעקומען אַ גרויסע איבערקערעניש. ער איז געוואָרן רויקער. פון צייט צו צייט פלעגט ער נאָך מאַכן אַ געזונטן שנאַפּס, אַ הוליע טאָן... ער האָט אָבער אויפגעהערט זיך נאָכצויאָגן נאָך יעדער שיקסע, האָט אויפגעהערט אָפּצולאַכן פון אַלעמען און האָט שטאַרק גענומען העלפן דעם טאַטן אין זיינע געשעפטן, האָט איבערגעשריבן זיינע פאַפּירן און געפאָלגט אַלץ, וואָס דער אַלטער באַראַש האָט געהייסן.

אַ סך מאָל האָט מען אים געזען זיצן פאַרן הויז אַן אָפּגעזונדערטן. שווייגנדיק איז ער געזעסן מיטן פּאַפּיראָס אין מויל

און האָט געטראַכט, געטראַכט...

אַט דאָרטן, דריי וויאָרסט פון דאַנעט, אין לוריעס וואַלד...

אַט דאָרטן... אַ בּאָרוועסע לויפט זי אַרום אין אַ לייכט קליידל...

און דער לוריע, וואָס האָט זיך מיט אים געשלאָגן קוקט אויף אירע נאַקעטע פיס, אויף איר אָפּגעדעקטן האַלדז. זיי בלייבן אַליין גאַנצע שעה'ן און קיינער זאָגט זיי אַ וואָרט נישט... ער איז דאָך לוריעס זון, דעם גבירס זון, דער געבילדעטער, דער „אויסלענדער"

כּעס מיט ווייטיק האָבּן אים געפּייניקט. ער האָט געשוויגן און גערייבּערט, דער פרויקע, און געקוקט אויף זיינע שטיוועלעך, וואָס גלאַנצן שוין היינט נישט אַזוי ווי אַמאָל. עפּעס איז ער צו אַלץ גלייכגילטיק געוואָרן, צו דער גאַנצער וועלט מיט אַלע מיידלעך.

און די מיידלעך אין מסטיבאָווע האָבּן דערפילט, אַז זייער „שמשון" איז אויס העלד געוואָרן, מען האָט גענומען לאַכן און שפּאַסן אין די ווינקעלעך און אַמאָל אויך אין די אויגן:

—פרויקע, דו ביזט פאַרליבּט...

—פרויקע, צילקע איז אַ וואויל מיידל. נאָר גראָדנע געפעלט איר בעסער, ווי מסטיבאָווע, אמת?

ער פלעגט בייז אָפּענטפערן און זיך אַוועקלאָזן שפּילן אין קאָרטן.—מיטן שרייבּערל פון דער גמינע, מיטן בעקערס זון. געשפּילט האָט מען איצט, אין זומער-צייט, אין די קאָרן אונטערן שטעטל. ווו-נישט-ווו האָט מען שוין די קאָרן אַראָפּגענומען. אין אַנדערע ערטער האָט מען זיך איצט ערשט גענומען צו דער אַרבּעט—און דאָ ליגן זיך אין שאָטן פון אַ בוים עטלעכע ליידיקגייערס און מען שפּילט לאַנגע שעה'ן;

פרויקע פלעגט כּמעט שטענדיק געווינען, נאָר גייענדיק צוריק פלעגט ער זיך איצט אָפּטיילן פון זיינע חברים, אין קעשענע קלינגען די געוווּנענע מטבּעות, נאָר עס פרייט אים נישט ווי אַמאָל. עס נאָגט און עס נאָגט אינעווייניק — ער בענקט נאָך צילקען.

און יענע וויל אפילו נישט רעדן מיט אים.

אין וואַלד דאָרטן, ביי זיי, נישט ווייט פון איסרס שטוב, האָט זיך איצט באַזעצט אַ ציגיינערישע משפחה. אַ מאַן צען דערוואַקסענע מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע יונגע ציגיינערלעך, וואָס לויפן אַרום נאַקעטע אין וואַלד ווי חיהלעך...

זיי לעבן אין וואַלד אונטער די ביימער. אויף דר׳ערד זע-נען אויסגעשפּרייט גרויסע פלאַכטעס פון לייוונט. דאָ שטייען צוויי פורן מיט אויסגעשפּאַנטע פערד, עטלעכע הינט ליגן און שווייגן לעם די פורן, ווו עס זענען אָנגעוואָרפן מעשענע קעסעלעך, קוועדט, עמער און עפעס צופליקטע משונהדיקע בגדים פון אַלטן סאַמעט.

איין ציגיינערין זייגט אַ קינד. זי דעקט אינגאַנצן אָפּ אירע בריסט און פון וואַלדס שאָטן זעט איר לייב נאָך טונקעלער אויס, מאַטער...

צילקע קוקט מער אויף איר, אויף דער מוטער-ציגיינערין. אַ מאָדנע נייגעריקייט האָט זי צו איר. און דאָס קליינע ציגיי-נערל האַלט פאַרמאַכט די אויגן און זייגט...

די עלטערע ציגיינער שנאָרכן און בלאָנדזשען ערגעץ אַרום אין דער געגנט, איבער די דערפער. די קליינע נאַקעטע יאַטלעך פליען אַרום איבערן וואַלד, טאַנצן אין טייכל און באַלד-באַלד, דאַכט זיך, וועלן זיי נעמען קלעטערן ווי די וועווריקעס אויף די ביימער...

פאַר צילקען איז עס אַ פרייד, וואָס די ציגיינער זענען גע-קומען אין איינזאַמען וואַלד, ווייל סאַשע איז שוין עטלעכע טעג אין גראָדנע.

פאַרוואָס איז ער אַוועקגעפאָרן?

זי ווייסט נישט, זי פאַרשטייט אים נישט.

אָט קומט ער מיטאַמאָל צופאָרן און רעדט צו איר די בעסטע רייד, דערציילט פאַר איר אַ סך זאַכן, וואָס נישט אַלץ פאַרשטייט זי.

און מיטאַמאָל ווערט ער שווייגנדיק, ווי גאָר אַ פרעמדער, ווי גאָר אַ פרעמדער און אַנטלויפט פון וואַלד.

פאַרוואָס?

אודאי ווערט אים דאָ לאַנגווייליק, אָדער ער האָט דאָרטן אין שטאָט אַנדערע מענטשן, צו וועלכע עס ציט אים.

צילקע איז איצט גאַנצענע טעג פאַרנומען מיט די ציגיי־נער און מיט די ציגיינערלעך, כאָטש די מומע בייזערט זיך, — מען טאָר מיט זיי נישט האָבן צו טון: זיי עסן טאַבאַק און זיי זענען מכשפים — מען דאַרף זיך היטן פאַר זיי.

מען האָט מורא געהאַט, זיי זאָלן נישט באַגנבענען. איז שלמה פון „גוראַלניע" געקומען און גענעכטיקט ביי איטרן אין שטוב. דער שאָסיי־וועכטער האָט אויך געהאַלטן אויג אויף די ציגיינער.

באַנאַכט איז דער וואַלד געווען באַלויכטן פון דעם ציגיי־נערישן שייטער. זיי האָבן געקאָכט עסן און געררייכערט ליולקעס ארום פייער.

שוואַרצבערדיקע מענטשן מיט קאָלטאַנעוואַטע האָר, האָבן זיי גערעדט אויף זייער הארט פרעמד לשון, אָפט האָבן זיי געזונ־גען אַלע אין כאָר. נאָר איינער דער עלטערער, אַ בלינדער אויף איין אויג, „קאַראַהאַ" — האָט ער געהייסן, וואָס אויף ציגיינעריש באַטייט עס: בלינדער — ער האָט שטענדיק געשריגן. און אויסגע־דוכט האָט זיך, אַז ער ווייסט אַ סך שרעקלעכע סודות.

צילקע פלעגט צוקומען, רעדן מיט זיי און מיט נייגעריקע גרויסע אויגן געפּאָרשט די „ברואים", ווי די מומע פלעגט זיי רופן.

פון מסטיבאָווע און פון די נאָנטסטע פאָלוואַרקן פלעגן קו־מען מיידלעך מיט בחורים, קוקן אויף די ציגיינער און „לייגן קאָרטן."

פרויקע איז אויך געקומען פון מסטיבאָווע, ער האָט זיך גאַנץ גיך אויפגעחברט מיט דער גאַנצער באַנדע, געטרונקען מיט זיי און געשפּילט אין קאָרטן. איינמאָל האָט ער זיך געלאָזט אין טאַנץ מיט אַ יונגער ציגיינערין. יענע האָט געטראָגן עטלעכע געדיכטע שנורן מיט רויטע קרעלן און איז געגאַנגען אָנגעטון אין אַ געפלעקט בלומען־קלייד, וואָס האָט זיך געשלעפּט ביז דר ערד.

זי האָט געהאַט אַ רונדלעך טונקל פּנים מיט גרויסע גרינע אויגן, ווי צוויי נישט צייטיקע וואַלד-עפּעלעך. דער האַלדז האָט אויסגעזען ווי מיט סמאָלע אָנגעשמירט — אַזוי שוואַרץ און גלאַנציק איז ער געווען. אַ שטייפע שלאַנקע פיגור, האָט זי איינמאָל אַרומגעכאַפּט דעם בחור פון מסטיבאָווע און אַוועק מיט אים טאַנצן, האָט עפּעס געשריגן צו אירע חברים און יענע האָבן אָפּגעענטפערט מיט געשריי, דערביי געלאַכט און געריכערט.

צילקע איז דאַן צוגעקומען. עס האָט איר עפּעס אַ צי געטון צו די צוויי טאַנצנדיקע מענטשן, זי האָט זיי אין דער רגע מקנא געווען.

איין קאַראַהאָד, צוויי...

און פרויקע מיט דער ציגיינערין האָבן ביסלעכווייז אַוועקגעטאַנצט פון עולם טיפער, טיפער אין וואַלד-פלאָנטער.

קיינער פון די ציגיינער האָט זיך מיט די צוויי פאַרשווונדענע מער נישט אינטערעסירט. נאָר ביי צילקען האָט דאָס האַרץ שטאַרקער גענומען קלאַפּן פון אַן אומפאַרשטענדלעכער נייגעריקייט. זי האָט כסדר אַריינגעקוקט אין וואַלד אַריין, דאָרט ווו פרויקע האָט אַוועקגעטאַנצט, נאָר זי האָט גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזען.

דאָס איז געווען פאַרנאַכט און ווען די נאַכט איז שוין געווען אין וואַלד, איז נאָך פרויקע צוריק מיט דער ציגיינערין נישט געקומען...

צילקע האָט זיך דאַן קיין אָרט נישט געפונען. זי האָט געטראַכט פון פרויקען, פון דער ציגיינערין. אים, פרויקען, האָבן אַלע מיידלעך ליב און אַלע לאָזן זיך קושן פון אים — פאַרוואָס איז זי צו אים אַזוי פרעמד געווען און פאַרוואָס טראַכט זי איצט פון אים און עס שוועבט איר אַלץ פאַר די אויגן, ווי ער פאַררייסט דעם קאָפּ און טאַנצט.

די נאַכט האָט זי פאַרבראַכט אומרויק.

עטלעכע מאָל צוגעגאַנגען צום פענסטער און אַרויסגעקוקט. געזען האָט זי, ווי דער וואַלד-וועכטער איז פאַרביי און מיט די פיס צוטרעטן די לעצטע פונקען, וואָס זענען פאַרבליבן, פון דעם

ציגיינערישן שייטער, דערביי האָט ער געברומט און געשאָלטן.

אויף מאָרגן איז פרויקע ווידער געקומען. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום איסר׳ס שטוב, נאָר ווען ער האָט באַגעגנט צילקען האָט ער זיך געמאַכט, אַז ער איז דאָ גאָר צופעליק.

—פאַרוואָס קומסטו נישט אין מסטיבאָווע?— האָט ער גע-פרעגט ביי איר.

צילקע איז בייז געוואָרן און געענטפערט:

—גיי, גיי צו דיין ציגיינערין,—און אַליין איז זי געגאַנ-גען זוכן דער מומע ניכע.

פרויקע איז געבליבן שטיין אַ רגע פאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער אַ פייף געטון, אַ זיגערישן פייף...

כאַ, כאַ, כאַ, עס פאַרדריסט זי. דאָס איז גוט

און ער האָט זיך געלאָזט גיין צו דער חברה ציגיינער, וועלכע האָבן געבלאָנדזשעט און געזוכט יאַגדעס אין וואַלד.

נאָכמיטאָג. צילקע האָט געבענקט נאָך סאַשען און דאָס, וואָס פרויקע פלאָנטערט זיך דאָ אין וואַלד מיט דער ציגיינערין האָט איר אומרויק געמאַכט. דער טאַטע איז היינט געקומען אויף עטלעכע שעה און באַלד צוריק אַוועקגעפאָרן. די מומע איז פון שטוב נישט אַרויס—געהיט האָט זי זיך פון די ציגיינער.

צילקען איז עפּעס לאַנגווייליק שווער און זי האָט זיך גע-קליבן צוגיין קיין פרודנע.

עס איז שוין געווען אין שפּעטן זומער. אין וואַלד זענען צוגעקומען אַ סך נייע טענער פון די אונטערגעוואַקסענע פייגל, די יונגע טענער האָבן זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פון די אַלטע. נאָר דער וואַלד האָט כסדר געזונגען. עס האָבן זיך געהערט לאַנגע און קורצע קלאַנגען פון די פייגל, האַלבע קלאַנגען. זינגענדיקע מינוטן און סעקונדן, רגע׳ס פריילעכע און פאַרבענקטע. עס האָט אויסגעדוכט, אַז איין פויגל רופט וועמען און אַן אַנדער פויגל שטראָפט וועמען מיט זיין קלאַנג... און דאָ האָט אַ גריל אין אַ טונקעלן וואַלד-ווינקל געמיינט, אַז עס איז שוין אָוונט און ער האָט זיך גענומען זעגן די לופט און באַלד איבערגעריסן — עס איז נאָך טאָג.

צילקע איז געגאַנגען קיין פּרודנע. זי איז שוין אַריבער דעם שאָסיי, האָט אַ קוק געגעבן אויף זיינע צוויי ווייסע אומ-ענדלעכקייטן אויף רעכטס און לינקס און איז ווידער אַריין אין וואַלד. פּלוצלונג האָט זי דערזען אַ פּאָר נאַקעטע פיס און באַלד נאָך אַ פּאָר פיס אין שטיוול...

פּרויקע און די ציגיינערין...

זיי זענען געלעגן נאָענט איינער צום צווייטן. דער ציגיינע-רינס האָר זענען געווען צוואָרפן, די גרינע אויגן האָבן זיך אָנגעשטעלט אויף צילקען מיט אַזאַ שפּאָסיקער בייזקייט... פּרויקע האָט גענומען פייפן.

זיין שוואַרצע בלוזע איז געווען פונאַנדערגעשפּיליעט און אַ שטיק פּאַרוואַקסן לייב האָט אַרויסגעקוקט. האָט ער באַמערקט, אַז צילקע פּאַרקירעוועט האַסטיק אָן דער זייט און גייט אַוועק, איז ער אויפגעשפּרונגען און זי גענומען נאָכיאָגן...

— צילקע! — האָט ער אַ געשריי געטון.

זי איז געבליבן שטיין.

— וואָס ווילסטו?

אויסגעדוכט האָט זיך איר, אַז פּרויקע איז שיכור און זי איז שוין גרייט געווען זיך צו פּאַרטיידיקן. זי, אַ באָרוועס מיידל, די „קאָזקע", ווי אַלע פלעגן איר רופן.

זי האָט געהאַט אַ פּאָר שטאַרקע הענט און זאָל ער נאָר פּרווון, דער פּרויקע.

— וואָס ווילסטו? — האָט זי נאָכאַמאָל געפרעגט און געווונ-דערט האָט זי זיך אַליין אויף דעם: זי האָט איצט געוואַרט אויף אַן ענטפער, געוואָלט עפּעס הערן פון אים.

און פּרויקע האָט געוואָלט דערציילן מיט איין געשריי... אַלצדינק אויסזאָגן, אַלע זיינע טרויערן, אַז דאָס לעבן האָט אים דערעסן אָן צילקען. זאָל זי נאָר זאָגן איין וואָרט, וועט ער אַ שפּיי טון אויף דער ציגיינערין און אויף אַלעמען. נאָר אָנשטאָט דאָס אַלץ האָט ער אַרויסגערעדט איין פראַזע:

— דער לוריע, דער אויסלענדער, וועט דיר בלויז דעם קאָפּ פּאַרדרייען, ער וועט דיך אומגליקלעך מאַכן...

אין דער רגע האָט די ציגיינערין זיך אויפגעהויבן
אָרט, צוגעלאָפן צו פרויקען און אים דערלאַנגט אַ צי ... זיך, זי
האָט אים אַרומגעכאַפּט און שוין נישט אָפּגעלאָזט...

צילקע האָט זיך דערווייל אָפּגערוקט ווייטער, שפּעטער האָט
זי זיך אומגעקוקט: דער ציגיינערינס הענט האָבן זיך געפלאָכטן
אַרום פרויקען, דערנאָך האָט ער אויך זיינע הענט אויסגעשטרעקט
און זי צוגעפאַלן קושן...

זי איז געגאַנגען, געוואָלט האָט זי טראַכטן פון סאַשען...
יאָ, מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועט ער קומען און וועט בלייבן
אויף עטלעכע טעג, ער וועט...

אָבער אין דעמדאָזיקן טראַכטן דערזעט זי מיטאַמאָל צוויי
פּאָר אויגן אויף זיך. דער ציגיינערינס אויגן און פרויקעס.

פרויקעס אויגן... „ער וועט דיר בלויז דעם קאָפּ פאַרדרייען,
דער אויסלענדער". צוליב וואָס האָט ער איר דאָס געזאָגט?

זי טרייבט אַוועק די געדאַנקען און שוין לעם פּרודנע, דוכט
זיך איר ווידער אויס, אַז זי זעט זיי ביידע ליגן צוזאַמען און
זיי פלעכטן זיך צונויף מיט זייערע הענט.

צוטומלט עס איר און דאָס האַרץ קלאַפּט...

זי איז געקומען קיין פּרודנע.

זי פלעגט פון צייט צו צייט אַראָפּקומען אַהער אין פאָל-
וואַרק. זי האָט דאָרט געהאַט חברטעס — דעם פאַכטערס טעכטער.

דאָס זענען געווען צוויי געזונטע הויך-וווקסיקע מיידלעך
מיט פאַרגרעבטע פּנימער. אויסגעזען האָבן זיי מיט צען יאָר על-
טער, ווי אין דער אמתן. שטענדיק אַביסל פאַרשלעפּערט, די
קליידער פלעגן אויף זיי הענגען אָן אַן אָרדנונג. זיי פלעגן אַ
סך אַרבעטן, נאָר אַלץ לאַנגזאַם און פויל, פאַרשלאָפענערהייט...

און צילקע?

צילקע, וואָס קומט צו די „פאַרשלאָפענע מיידן" — אַזוי פלעגט
מען זיי רופן, צילקע האָט געזוכט מענטשן. פון צייט צו צייט
באַפאַלט איר אַזאַ בענקשאַפט: אַנטלויפן צו וועמען, הערן אַ
פרעמד קול, אַ פרעמד לאַכן.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זי איז געווען אַזוי צוגע-

בונדן צום איינזאַמען וואַלד, אַזוי איינגעלעבט מיט דער שטיל-קייט, דאָך פלעגט זי לויפן קיין מסטיבאָווע, אָדער קיין פרודנע.

זי האָט עס אַזוי איינגעטיילט:

ווינטער פלעגט זי גיין קיין מסטיבאָווע, ווו מען פליקט גאַנצע טעג און נעכט פעדערן. זומער—קיין פרודנע.

ביים פאַכטער איז געווען אַ גרויסע שטוב מיט אַ סך פענס-טער. זומער זענען אַלע פענסטער געווען אָפן און טויזנטער פליגן האָבן באַלאַגערט יעדעס ברעקל שפייז. אויף די אויסגעקאַלכטע ווענט זענען געהאָנגען עטלעכע אַמעריקאַנער פאָטאָגראַפיעס און צוויי זעקלעך מיט תפלין. שטענדיק איז די שטוב ליידיק געווען. טיר און פענסטער- אָפן, אַלע פון דער משפחה האָבן ערגעץ גע-אַרבעט. דער פאַכטער מיטן זון פלעגן פירן אין שטאָט אַריין די „פאַרשלאָפענע מיידן" מיט דער פאַרשלאָפענער מאַמע, האָבן געוואַשן די קאַנען פון מילך, שטענדיק זענען זיי פאַרנומען און פאַרשמייעט געווען.

אַביסל ווייטער פון פאַכטערס הויז איז געשטאַנען אַ צווייט הויז מיט געפאַרבטע לאָדנס און מיט ברוינע גזימסלעך איבער די פענסטער. אין דעמדאָזיקן הויז האָט געלעבט דער אָרענדאַר פון גאַנצן פאָלוואַרק, אַ קריסט, אַ בייזער מיט שפּיציקע וואָנסן, מיט קליינע בייזע אייגעלעך. ער איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט צוויי גרויסע הינט און שטענדיק האָט מען אים געהערט שרייען אין דעם אָדער יענעם ווינקל פון „הויף".

דאָרט איז אויך געווען אַ גרויסער סאָד, אַ גערטנער און נאָך מענטשן.

פאַר צילקען פון דעם ליידיקן וואַלד איז דאָ געווען אַ סך צו זען און צו הערן. דערפאַר טאַקע פלעגט זי דאָ אָפט אַראָפ-קומען.

אין די צוויי „פאַרשלאָפענע מיידן" פלעגט זיך דאָך אַמאָל אויפכאַפּן אַ פונק פון יונג-לעבן און דערצו נאָך מיט דער שטי-פערישער צילקע אינאיינעם.

זיי פלעגן אָנדערציילן צילקען זאַכן, וואָס קומען פאָר אין מסטיבאָווע און אין גראָדנע—פון דער גרויסער גראָדנע פלעגן

זיי רעדען.

אָפּט אַרויסגעגאַנגען מיט איר אין פעלד. זומער—נאָנטע און ווייטע קאָרן־שטרעקעס, און אין די קאָרן־פעלדער אַרום זיי שוואַרצלען זיך קליינע און גרויסע וועלדער, ווי טונקעלע שיפן אויפן באַשטראַלטן ים.

ווי צוימען, ווי שוואַרצע פּאַלאַצן זעען אויס די וועלדער.

יונגע שקצים גייען פאַרביי און וואַרפן ווערטלעך צו די דריי פרויען, וויצלען זיך און לאַכן.

און איינמאָל, אָנהייב זומער — צילקע געדענקט עס גוט: איי־נע פון דעם פּאַכטערס טעכטער האָט זיך אָפּגעטיילט פון זיי און האָט זיך באַהאַלטן אין די קאָרן. צילקע האָט געהערט אַ לאַכן פונם קאָרן, זי האָט אויפגעציטערט, געשוויגן און גאָרנישט גע־פרעגט ביי דער צווייטער שוועסטער... און נישט פאַרשטאַנען האָט זי דאָס, וואָס זי האָט שוין יאָ קוים פאַרשטאַנען. עפּעס איז נאָך געבליבן אַזוינס, וואָס זי ווייסט נישט.

פאַרוואָס וואַרפט זיך פרויקע באַראַש מיט אַזאַ ווילדקייט קושן אַלע מיידלעך? פאַרוואָס פאַרשעמען זיך די מיידלעך בעת מען קושט זיי?

די דאָזיקע שקצים פון די פרודנער פעלדער...

זיי קוקן מיט אַזאַ נייגעריקייט אויף די מיידלשע באָר־וועסע פיס... פאַרוואָס?

און זי, צילקע אַליין, ווען זי האָט געהערט, ווי דעם פּאַכטערס טאָכטער לאַכט אין די קאָרן, האָט אויפגעציטערט ביי איר דער גאַנצער קערפּער און דאָס בלוט נעמט בריען אין די אָדערן.

זי שפּרייזט אויף דער אָנגעוואַרעמטער ערד, זי גייט איינ־איינעם מיט דער צווייטער „פאַרשלאָפענער מויד“, יענע בייגט זיך צו די קאָרן, רייסט אַ בלימל און וויל גאָרנישט רעדן.

צוויי פרויען שוויגן איינע צו דער צווייטער, בעת די דריטע לאַכט דאָרט אין די קאָרן מיט דעם יונגן פויער...

איצט איז צילקע ווידער אין פרודנע.

זי איז צוגעקומען צו דער שטוב און האָט געהערט ווילדע

געשרייען פון אינעווייניק. האָט זי אַריינגעקוקט אין פענסטער און געזען האָט זי דאָרט אַזאַ בילד: דער פּאַכטער מיט דעם גראָבן ווייב זיינס, דעם פּאַכטערס זון, אַלע אינאיינעם האָבן גע- שלאָגן די „פאַרשלאָפענע מויד", וועלכע האָט זיך דאַן אין יענעם טאָג באַהאַלטן מיט דעם יונגן פויער אין די קאָרן.

די קליידער אויף איר זענען געווען צופליקט, דאָס לייב צובלוטיקט, די האָר צוואָרפן, זי איז געשטאַנען אַנטקעגן זיי אַ גרויסע, אַן אומגעלומפּערטע מיט אַזעלכע מידע אויגן און מידע באַוועגונגען, פּונקט ווי זי וואָלט וועלן שלאָפן.

און טאַטע-מאַמע מיט ברודער האָבן געשלאָגן און געשאָלטן:

אַ ממזר וועט זי אונז ברענגען, אַ ממזר.

די צווייטע טאָכטער האָט זיך באַהאַלטן אונטער דער שטוב; צילקע איז צו איר צוגעגאַנגען.

—פאַרוואָס שלאָגט מען דיין שוועסטער?

—פאַרוואָס? דו פאַרשטייסט נישט, זי וועט געבוירן אַ קינד...

—אַ קינד... זי וועט געבוירן אַ קינד, דערפאַר שלאָגט מען זי? און אַז איך וועל געבוירן אַ קינד וועט מען מיך אויך שלאָגן?

—אַי, נאַר...—האָט זיך געבייזערט די צווייטע „פאַרשלאָ- פענע מויד".

—אָבער דערצייל מיר, פאַרוואָס שלאָגט מען דיין שוועסטער?

—דאָס וועט דאָך זיין אַ ממזר. דו געדענקסט אָנפאַנג זו- מער אין די קאָרן, איז זי מיטן כלאָפּ... דו געדענקסט, ווי זי האָט געלאַכט?

צילקע האָט גאַנץ גוט געדענקט, נאָר געגוי האָט זי אַלץ נישט פאַרשטאַנען. און פון שטוב האָבן זיך נאָך אַלץ געהערט די געשרייען, ווי שיכורע האָבן זיי דאָרט געליאַרמט. זי איז פון דעם אַלעם צוטומלט און דערשראָקן געוואָרן.

אין וואַלד, צוריק אין וואַלד אַריין.

ביימער און שאָטנס פון ביימער, זי האָט זיך געפּלאָנטערט אין די שאָטנס. שוין באַלד נאַכט, שוין באַלד פינסטער, נאָר זי האָט גוט געוווסט דעם וועג צו איר טאַטנס הויז, יעדער דורכ- גאַנג צווישן די ביימער איז איר גוט באַקאַנט.

נאָר די וועגן צו די מענטשן, צו זייערע טומלעניש און
ליידנשאַפטן,—זיי זענען איר אַזוי פרעמד, אַזוי אומבאַקאַנט.
זי האָט געבראַכט פון דעם טאָג אַהיים אַ פול האַרץ מיט
פראַגן.
און מיט וועמען רעדט מען, וועמען פרעגט מען?
די מומע ניכע הערט אַלץ אויס און בייזערט זיך פאַרוואָס
צילקע ווערט פאַרפאַלן פון שטוב.
אָבער איצט, אין די שעה׳ן פון פאַרנאַכט און נאַכט, טרעט
צילקע נישט אָפּ פון דער מומע ניכע.
פאַרוואָס און פאַרוואָס?
פאַרוואָס האָט מען דעם פאַכטערס טאָכטער אַזוי געשלאָגן?
און וואָס איז דאָס אַזוינס „ממזר״?
די מומע ניכע שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ:
—דער פאַכטער מיט זיינע קינדער...
—זיי לעבן ווייט פון יידן, לעבן בלויז מיט די פויערים
און ווערן אַליין ווי פויערים, ווי די חיות ווערן זיי.
—אָבער מומע ניכע, מיט וואָס האָט דעם פאַכטערס טאָכ-
טער געזינדיקט?
די מומע ניכע קווענקלט זיך און פאַררעדט זיך, דערביי
שמייכלט זי אַזוי אַלט און גוטמוטיק צו צילקען. און פלוצלונג
ווערט דער שמייכל יונגער, יונגער... כמעט אַ מיידלשער חן גיסט
זיך אויס אויף דער מומעס פּנים:
—מען זאָגט אויף דיר, צילקע, אַז דו ביזט אַ קאָזקע און
דאָס איז אמת... דו ווייסט נאָך גאָרנישט...
—וואָס ווייס איך נישט?
—דאָס, וואָס אַלע מיידלעך אין דיינע יאָרן ווייסן שוין יאָ.
—וואָס ווייסן זיי, מומע?
עס איז שוין געווען נאַכט, כאָטש דורכן פענסטער, דורך
די ביימער האָט דורכגעקוקט אַ שטיק רויטס, אַן אָפּגלאַנץ פון
אַ פאַרשפּעטיקטן וואָלקן-פלאַם און עטלעכע קופערנע כלים אויף די
ווענט האָבן קאַלט מיטגעברענט.
גרילן האָבן געגרילט, ווי עמיצער וואָלט לאַנגזאַם געפּויקט

אויף קליינע פייקלעך.

די מומע ניכע האָט אין יענעם אָוונט לאַנגזאַם אין פאַר-זיכטיק דערציילט פאַר צילקען פון איר יוגנט, פון איר חתונה.

איינגעהאַלטן-פרום מיט האַרץ-קלאַפעניש האָט זי צילקען פאַרטרויט דאָס, „וואָס אַלע מיידלעך אין אירע יאָרן ווייסן שוין יאָ." צילקע האָט זיך צו איר צוגעטוליעט, צוגעמאַכט די אויגן און געהערט, ווי די מומע רעדט...

פונקט, ווי דער אַלטער וואַלד האָט לשון באַקומען און ער זאָגט איר אויס דעם סוד פון לעבן... און צי דען האָט זי עס נישט געוווּסט: ניין! זי האָט עס, דאַכט זיך, יאָ געוווּסט, נאָר זי האָט נישט פאַרשטאַנען, זי האָט עס געפילט, נאָר נישט פאַר-שטאַנען.

אַ גליק, וואָס עס איז פינסטער אין שטוב און די מומע זעט נישט, ווי צילקע ווערט רויט יעדע רגע.

און די מומע דערלאַנגט אָפּט אַ זיפץ, און דער זיפץ באַ-טייט:

—קינד, קינד! יאָרן גייען, יאָרן לויפן, פון אַזעלכע ציל-קעס ווערן מאַמעס, און פון די מאַמעס ווערן באָבעס... יאָרן לויפן...

און זי גלעט איר קאָפּ, אירע האָר, וואָס דער וואַלד-טוי האָט פייכט און שמעקעדיק געמאַכט, זי גלעט און דריקט צו זיך די יתומה פון וואַלד און דערמאָנט זיך, אַז זי איז אַליין אַמאָל יונג געווען...

די מומע האָט געוואָלט אָנצינדן פייער, האָט זיך צילקע דאַן אַרויסגערוקט פון שטוב, אַוועקגעשטעלט אויפן גאַניק און געקוקט אין וואַלד. די ציגיינער האָבן זיך עסן געקאָכט, נאָר עס האָט איר צום שייטער נישט געצויגן...

—אַזוי גאָר...—האָט זי צו זיך עטלעכע מאָל אַ זאָג געטון. — „איך האָב דאָס אַלץ געוווּסט"—און דער קערפּער אירער גיט אַ צאַפּל... — „איך האָב דאָס נישט געוווּסט"—טראַכט זי ווייטער און דערמאָנען דערמאָנט זי זיך איצט אַ סך בילדער פון פאַרגאַנגענע טעג. פון מסטיבאָוועך מיידלעך, וואָס פלעגן אָפּט רעדן אַזעלכע

אומפאַרשטענדלעכע ווערטער און זיי האָבן געמיינט, די מיידלעך, אַז זי, צילקע, פאַרשטייט עס, זיי האָבן געלאַכט און זי האָט מיט-געלאַכט אַ סך מאָל, כאָטש זי האָט נישט געוווסט פאַרוואָס און פון וואָס מען לאַכט...

דערפאַר האָט זיך דאָס דעמלט די „פאַרשלאָפענע מויד״ באַהאַלטן אין די קאָרן...

און פרויקע מיט דער ציגיינערין היינט אין דער פרי!

און דאָס, וואָס סאַשע קושט זי אָפט, דאָס פּנים, דעם האַלדז, דעם קאַרק... אַך, זאָל ער נאָר קומען, זי וועט אים אויך קושן, זי וועט אים אַ סך קושן.

דערשרעקט זי זיך פאַר דעם געדאַנק: „אפשר טאָר מען נישט״ און זי גייט אַוועק שלאָפן פול מיט זיסער אומרויקייט. אין שלאָף יאָגט זי ווער אויפן פעלד אין די קאָרן. זי אַנטלויפט און וויל שטאַרק, אַז יענער זאָל זי כאַפּן—דאָס איז דאָך פרויקע מיט די שטיוועלעך, מיט דעם שוואַרצן העמדל. זי לויפט און לאַכט... לויפט און לאַכט...

איר לויפן האָט קיינער נישט געזען, נאָר איר לאַכן אין שלאָף האָט די מומע דערהערט און זי איז צוגעלאָפן צו איר געלעגער:

—צילקע, וואָס איז מיט דיר, וואָס לאַכסטו?

כאַפּט זי זיך אויף פון שלאָף און נעמט זידלען פרויקען.

—וואָס פרויקע, ווו פרויקע, מיינע שונאים...

—די מומע שפּייט דריי מאָל אויס און נעמט עפּעס מור-מלען.

שפּעטער שלאָפן די פרויען ווידער איין. אויפן גאַניק שלאָפט שלמה פון גוראַלניע, ער היט די שטוב פאַר די ציגיינער. דער וואַלד שלאָפט, די גאַנצע וועלט שלאָפט, און אַז דאָס ווינ-טעלע האָט חשק, גיט עס אַ טרייסל די סכך-צווייגן, — צוקושן זיי זיך און שלאָפן ווידער איין.

אַ גרויסע שטילקייט האָט זיך צולייגט אין וואַלד און אויב עמיצער זיפצט אין אַזאַ רויקער נאַכט אין וואַלד איז דאָס די שטילקייט אַליין...

פריער פאַר דער מומע ניכע האָט זיך צילקע אויפגעכאַפּט, האָט זי אַ קוק געטון אויף דער מומעס בעט, אויף דער מומעס אַלטן פּנים און אויף איר גראָען קאָפּ — עפּעס אַ טיפן רחמנות האָט זי דערפילט צו דער אַלטער: „זי, די מומע, וועט זיך שוין מיט קיינעם מער נישט קושן, זי האָט שוין אָפּגעלעבט“.

פּאַרזיכטיק האָט זי זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב, אַרויס אויפן גאַניק. שלמה'ס געלעגער איז שוין געווען ליידיק, שלמה אַליין אין שוין אודאי אַוועק אין גוראַלניע...

האָט זי גענומען זוכן מיט די אויגן די ציגיינערישע יאַט-לעך, וואָס פלעגן שטענדיק אין דער צייט שוין אַרומלויפן אין וואַלד און טומלען. קיינער איז אָבער נישטאָ, קיינער נישט...

איז זי אַראָפּגעלאָפן פון גאַניקל, אַ קוק געטון אין וואַלד אויף רעכטס, אויף לינקס... פּוסט, ליידיק. דאָרט ווו די ציגיי-נער האָבן זיך אויפגעהאַלטן איז איצט געווען אַ ליידיקער פּלאַץ מיט שוואַרצע אויסגעברענטע פלעקן אויף דער ערד. עס האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט עטלעכע קעפּלעך פון געשאָכטענע עופות, אַ שטריקל, אַן אָפּגעריסענער אַרבל פון אַן אַלטן בגד... און מער גאָרנישט.

צילקען איז אויף אַ רגע זייער אומעטיק געוואָרן — אַלץ, וואָס גייט אַוועק און פאַרשווינדט פון די אויגן; אַלץ, וואָס איז נעכטן געווען און היינט איז עס שוין נישטאָ — לאָזט איבער אַ פייגעלעכע בענקשאַפט אין איר נשמה...

נישטאָ שוין די ציגיינער — אומעטיק אין וואַלד. עס זענען בלויז געבליבן די זעלבע סטיעזשקעס צווישן די ביימער, די איי-ביקע גרינקייט פון די נאָדלען און דאָס טייכל...

דאָס טייכל...

שטענדיק האָט עס אין שפּראַך, אייביק לויפט עס מיט דעם זעלבן וועג און טראָגט אויף זיינע געהויקערטע פּאַליעס די שאָ-טנס פון די הויכע סאָסנעס און וויל זיך נישט אָפּשטעלן אויף איין רגע און אויספרעגן ביי אַזאַ צילקען, וועלכע שטייט איצט ביים ברעג מיטן פינגער אין מויל, ווי אַ יונג מיידעלע...

— צילקע, פון וואָס טראַכסטו?

קיין איין בוים, קיין איין פויגל—קיינער פרעגט נישט ביי צילקען, פון וואָס זי טרוימט און טרויערט, און פאַרוואָס זי שעמט זיך איצט אַריינצוגיין אין שטוב און קוקן דער מומען אין די אויגן...

נעכטן באַנאַכט האָט די מומע איר פּאַרטרויט מאָדנע זאַכן...

כאַ, כאַ, כאַ...

און עס דאַכט זיך איר אויס, אַז נישט נעכטן אין אָוונט האָט עס איר די מומע פּאַרטרויט, נאָר שוין לאַנג-לאַנג מיט יאָרן צוריק און צילקע האָט זיך געהאַט פאַרגעסן. איצט האָט זי זיך דערמאָנט... איצט.

— צילקע!

דאָס רופט זי די מומע, מ'באַדאַרף אַרבעטן, היינט וועט אודאי קומען דער טאַטע.

אַרבעטן זיי ביידע שווייגנדיק, רוימען אויף אין יעדן ווינקעלע, די בעטן זענען שוין פאַרבעט און פאַרפּוצט מיט ווייסע קישנס, ליכטיק-צילטיק, עסן זיי אָפּ און די מומע נעמט דעם קאַשיק און גייט שוין קיין מסטיבאָווע.

פאַרן אַוועקגיין פאַרריכט זי זיך דאָס שייטל און קוקט אפילו נישט אין שפּיגל אַריין. פאַרן אַוועקגיין גייט זי צו צו צילקען און גלעט איר עטלעכע מאָל איבערן קאָפּ.

און אַז די מומע גייט אַרויס פון שטוב נעמט צילקע וויינען. אָן אַ פאַרוואָס, אָן וויטיק וויינט זי און עס ווערט איר אַזוי גוט אויפן האַרצן, נאָכדעם. ווי די טרערן הערן אויף צו פאַלן.

אַליין איז זי איצט, צילקע, אין גרויסן וואַלד, די פענסטער זענען אָפן און די גרינקייט פון די נאָדלען און דאָס גאָלד פון די סאָסנעס מאַכן פול די שטוב מיט וואַלד, מיט רויקן וואַלד.

זי זעצט זיך אַוועק ביים פענסטער, קוקט אויף די עופות, וואָס קריכן דאָ איינציקווייז און זוכן זיך שפּייז, קוקט אויף דעם און אויף יענעם בוים, — וועלכער פון זיי האָט מער צווייגן.

פלוצלונג נעמט זי אינערלעך שמייכלען און דער שמייכל צולייגט זיך לאַנגזאַם אויף איר געזיכט, אויף די ליפּן, אין די

אויגן... דער שמייכל ציט זיך צו יעדן בוים, צום גאנצן וואלד און עס ענדיקט זיך מיט אַ קורצן קלינגענדיקן „כאַ, כאַ, כאַ".

פון וואָס? פאַרוואָס? פון וועמען האָט צילקע איצט געלאַכט? דער וואַלד ווייסט נישט, און דער וואַלד פרעגט נישט.

די זון שווימט דערווייל איבער דער וועלט. אַמאָל פאַלט אַריין אין וואַלד אַ גאַנצער ים מיט ליכט און דעמלט קלינגען העכער די פייגלשע טענער. די שטראַלן מיט די קלאַנגען מישן זיך אויס אינאיינעם און עס קלינגט זילבערדיק יעדער טאָן, יע-דער טרעל. רוקט זיך די זון ערגעץ אַוועק און שאָטן לייגט זיך אויס אויף אַלעביימער, אויף אַלע שטעגן און אין דעם פאַר-שאָטנטן וואַלד גייט דורך אַ לייכט קיל-וואַרעם ווינטל. אַלץ ווערט דעמלט איינגעהאַלטענער. מען טרויערט נישט אין וואַלד. דער פייגל-כאָר שווייגט נישט, נאָר מען פרייט זיך נישט ביז די זון נעמט ווידער שיטן ליכט אויף פאַרשידענע שטיקער וואַלד, זיל-בערנע שלאַנגען וויקלען זיך אויף די ביימער, און אויף אַלע שפּיצן פון די נאָדלען בליצט אַן אָנגעצונדענער דימענט... און דעמלט דערהערן זיך אַלץ מער נייע טענער, אַזעלכע קלאַנגען, וואָס רעדן זיך צונויף בלויז מיט די שטראַלן, בלויז מיט דער ווייט-הויכער בלאָקייט, וואָס פליסט אַזוי רויק פאַר אַלעמען, פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַר קיינעם נישט...

צילקע איז לאַנג אַזוי געזעסן און געטראַכט. זי האָט זיך געוווּנדערט, וואָס סאַשע איז נאָך נישטאָ...

סאַשע...

וואָס איז ער פאַר אַ מענטש? און צי איז דאָס אמת, וואָס ער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז אויב זי, צילקע, וועט וועלן וועט ער מיט איר חתונה האָבן. בלויז איינמאָל האָט ער דאָס געזאָגט, נאָר זי געדענקט עס גוט. נו, און אויב יאָ, אויב זי וועט וועלן און אויב ער וועט יאָ מיט איר חתונה האָבן, ווו וועלן זיי דע-מלט לעבן: דאָ אין וואַלד אָדער אין גראָדנע? אין גראָדנע. סאַ-שע וועט דאָ נישט קאָנען איינזיצן. נאָר דאָרט אין גראָדנע וועלן זיין אַזויפיל פרעמדע מענטשן און די הייזער מיט די גאַסן—אַלץ וועט איר פרעמד זיין.

זי טראַכט אַזוי פון סאַשען און פלוצלונג גיט אַ שווען פאַר די אויגן פרויקע מיט דער ציגיינערין, ווי זיי טאַנצן אַזוי אַוועק ווייטער און ווייטער אין וואַלד אַריין...

ניין, אין וואַלד זענען שוין די ציגיינער נישטאָ. דער אוריאַדניק מיט עטלעכע פויערים זענען צוגעקומען צו איסרס שטוב און אויסגעפרעגט ביי צילקען:

ווען זענען זיי אַוועקגעפאָרן, די ציגיינער?

וויפל צייט זיי זענען דאָ געווען און וואָס צוגעגנבעט? ווייל אַרום אין די דערפער און אין די נאָנטע פאָלוואַרקן האָבן זיי אָנגעמאַכט אַ חורבן...

ניכע איז געקומען פון מסטיבאָזשע, זי האָט זיך היינט זייער לאַנג געזאַמט דאָרטן אין שטעטל.

פאַרוואָס?

זי דערציילט איצט פאַר צילקען, אַז די באַראַשעס האָבן פאַרבעטן צו זיך אין שטוב דער מומע ניכע און לאַנג גערעדט מיט איר. גערעדט האָבן זיי וועגן צילקען טאַקע. אַזאַ מיידל באַדאַרף שוין חתונה האָבן און ביי זיי איז פאַראַן אַזאַ דערוואַקסענער זון...

ער איז טאַקע איצט נאָך צולאָזן, דער פרויקע, אָבער ער וועט ווערן אַ מענטש, ער האָט עס אַליין געזאָגט. שוין עטלעכע מאָל האָט ער גערעדט מיט ניכען, און ניכע האָט שוין גערעדט וועגן דעם מיט איסרן, איז איסר בייז געוואָרן: „מיט דעם קאָלבאַסניק" — האָט ער געשריגן — „וועט מיין טאָכטער נישט חתונה האָבן".

און צילקע שטעלט זיך אַוועק אינמיטן צימער, ציט זיך אויס, ווי פון פוילקייט און פאַרשלאָפנקייט און רעדט צו דער מומען:

— לאָז איצט מיט די חתנים, לאָז צורו דעם פרויקען, ער האָט זיך דאָ קנאַפּ אָנגעטאַנצט מיט דער ציגיינערין.

— ווו האָט ער געטאַנצט? ווען האָט ער געטאַנצט?

זי נעמט דערציילן וועגן אַלץ, וואָס זי האָט געזען אין וואַלד, וועגן פרויקען מיט דער ציגיינערין.



ז. סעגאַלאָוויטש.

אינדעם דערהערןביידע פרויען, אַז עס פאָרט ווער צו. די מומע שרייט אויס:

—אודאי דער טאַטע...

נאָר צילקע דערקענט די טריט פון לוריעס פערד.

—ניין, דאָס איז סאַשע.—און זי איז שוין אין דרויסן און איר גלעכטער קלינגט שוין פאַרן גאַנצן וואַלד.

—ווי זי האָט זיך דאָס דערפרייט מיט אים, עס וועט נאָך זיין אַן אומגליק, אַן אומגליק וועט זיין...

און סאַשע האָט אָנגעבראַכט צוקערקעס, שאָקאָלאַדקעס מיט ביכלעך. זיי האָבן דאָס אַלץ געלאָזט ליגן אויף דר׳ערד און אַליין זענען זיי אַוועק צום שאָסיי-וועכטער, איוואַן, ער זאָל זיך פאַר-נעמען מיטן פערד.

זיי זענען געגאַנגען געלאַכט און גערעדט. צילקע האָט דערציילט פון די ציגיינער און פון די פרודנער „פאַרשלאָפענע מיי-דן", נאָר זי האָט פאַרשוויגן דעם גאַנצן געשפּרעך מיט דער מומען, פאַרשוויגן די חלומות באַנאַכט. פּלוצלונג, אָבער, האָט זי נישט אויסגעהאַלטן און האָט זיך ווידער אַליין, צו זיך, און מער צו קיינעם נישט, פריילעך פאַנאַנדערגעלאַכט...

—וואָס לאַכסטו? — האָט סאַשע געפרעגט.

—איך האָב זיך עפּעס דערמאָנט.

—וואָס האָסטו זיך דערמאָנט?

—אַז פון די מיידלעך ווערן מאַמעס און פון די מאַמעס ווערן באָבעס...

—וואָס? וואָס פּלאַפּלסטו?—האָט סאַשע נייגעריק געפרעגט.

אָן אַן ענטפער האָט צילקע אַ שפּרונג געטון, אַ שפּרונג געטון צו סאַשען און אים געוואָלט אַ קוש געבן, נאָר אָנשטאָט דעם קוש האָט זי אים דערלאַנגט אַ ביס אין האַלדז...

ער האָט איינגעהאַלטן אַ געשריי פון ווייטיק צי פון פרייד.

זי האָט גענומען ליפן, די באָרוועסע, ער האָט זי נאָכגע-יאָגט און דערביי האָט ער געטראַכט:

—דער וואַלד, דער וואַלד כאַפּט זיך אויף...

זי איז געלאָפן אין די באָרוועסע פיס האָבן איילנדיק געלויכטן

אויף די פאַרשאָטנטע שטעגן פון וואַלד.

זי איז ווייט פון אים אָפּגעלאָפן און פון ווייטן נישט אויפגעהערט זיך צו רייצן:

—האָסט מיך נישט געכאַפּט...

סאַשע האָט זי מער נישט נאָכגעיאָגט. ער איז געבליבן שטיין, באַטראַכטנדיק צילקען פון דערווייטנס. פאַר דער צייט פון זומער איז זי פיל רייפער און שענער געוואָרן. די העלע האָר האָבן זיך אַביסל פאַרטונקלט, די אויגן זענען טיפער געוואָרן, פאַרשנדער. די אויגן... אין שאָטן ווערן זיי פון גראָ—בלאָ און סאַשע האָט אייגנטלעך נישט געוווסט, ווי אָנצורופן אירע אויגן. די פאַרב פון זיי האָט זיך שטענדיק געביטן.

צילקע איז געשטאַנען אַנטקייגן סאַשען, האָט נישט געוואָלט צוגיין צו אים. עפּעס מאָדנע האָט זי געקוקט אויף אים.

—וואָס, דו זעסט מיך צום ערשטן מאָל, צילקע?

צילקע האָט געענטפערט:

—אָפּט גיב איך אַ טראַכט פון דעם: וואָס טוט ער דאָ, סאַשע, אין וואַלד? ווי קומט ער דאָ? צו וועמען? און ווי לאַנג וועסטו דאָ נאָך קומען?

—וואָס פאַלט דיר איין? דו דאַרפסט פון קיין זאַך נישט קלערן, אָט אַזוי ווי דער וואַלד אַזוי באַדאַרפסטו זיין...

—דער וואַלד קלערט אויך, דער וואַלד זיפצט אָפּט. אפשר אַנדערע הערן דאָס נישט, איך ווייס נישט, אָבער איך... אָפּט דאַכט זיך מיר, אַז דער וואַלד וויל נעמען רעדן, אויסדערציילן אַ גרויסע בענקשאַפט... און די צווייגן ציען זיך צו וועמען ווי־הענט...

סאַשע האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס זי האָט זיך פאַררעדט און איז צוגעשפרונגען צו איר, אַרומגעכאַפּט און אַ קוש געטון...

צום ערשטן מאָל האָט סאַשע דערפילט, אַז זיין קוש האָט זיך טיף אין איר אָפּגערופן: זי האָט אַ ציטער געטון און צוגעפאַלן צו אים. זי האָט געאָטעמט אים אין פנים, און די אויגן האָבן עפּעס געפרעגט און אין דער זעלבער צייט האָבן זיי גע-

ברענט מיט אַ ניי ביז פייערל פון אַ ווילד היהלע.

אַ הוסט האָט זיך נאָנט דערהערט: דאָס איז פאַרבייגעגאַנ־גען דער שאַסיי־וועכטער.

—איוואַן!

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעהערט דעם באַפעל אויסצושפּאַנען דאָס פערד. ער איז אַוועקגעגאַנגען פאָלגן.

סאַשע מיט צילקען זענען געגאַנגען נאָך אים: ער האָט דערציילט נייעס פון שטאָט. פון דערהיים זענען אַלע אַוועק קיין אויסלאַנד. אין שטוב איז ליידיק, בלויז אַן אַלטע דינסט איז דאָרט געבליבן און סאַשע רעכנט דאָ איצט צו ווײַלן אין וואַלד ביז סוף זומער.

זיי זענען געקומען צוריק אַהיים. דאָרט האָבן זיי איצט געפונען איסרן, וועלכער האָט שווייגנדיק געגעסן. צילקע האָט זיך אויפריכטיק דערפרייט מיטן טאַטן. דער אַלטער איז געווען אויפ־געלייגט און האָט אַרויסגערעדט עטלעכע איבעריקע ווערטער, נאָר צילקע האָט אָנגעשטעלט אויגן און אויערן בעת זי האָט די דאָזיקע ווערטער דערהערט. דער טאַטע האָט אַזוי געזאָגט:

—איר ווייסט,— ער האָט גערעדט צו אַלעמען,— איר ווייסט, אַז „מיר" האָבן פאַרקויפט דעם וואַלד.—„מיר" האָט ביי אים גע־הייסן די פירמע לוריע.—„מיר" האָבן פאַרקויפט דעם וואַלד און אינגיכן וועט מען אים נעמען אויסהאַקן.

צילקע, איסר און די מומע ניכע וועלן אַוועקגיין פון דאַ־נעט, אַוועקגיין פון טייכל, פון שאַסיי־וועכטער, פון מסטיבאָווע.

זיי וועלן זיך אַריבערטראָגן קיין סוויסלאָטש, ווו דער אַל־טער לוריע האָט אַנדערע וועלדער.

סאַשע איז געשטאַנען ביי דער טיר, ער האָט זיך אַביסל מורא געהאַט פאַר דעם שווייגנדיקן איסר. צילקע איז געווען פאַרטרוי־ערט פון דעם טאַטנס בשורה און סאַשע האָט איר מיטגעפילט.

—ר' איסר — האָט ער זיך אָפּגערופן,— אַז איך וועל בעטן דעם טאַטן מיינעם, וועט ער אפשר לאָזן דעם וואַלד.

—דער וואַלד איז שוין פאַרקויפט, עס איז שוין פאַרפאַלן,— און ער האָט כמעט ווי אַ שמייכל געטון, דער אַלטער איסר. עס

האָט אים אַביסל געוווּנדערט, וואָס סאָשע נעמט זיך אינטערעסירן מיט דעם טאַטנס וועלדער.

דערנאָך האָט דער איסר אַרויסגענומען אַ ספר פון שאַנק און זיך איינגענורעט אין אים: ער האָט, דאַכט זיך, פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ טאָכטער, אַז ער האָט אַ בעל־הבית לוריע, וועלכער פאַרברענגט אין קאַרלסבאַד, און דער לוריע האָט אַ זונדל סאָשע,—אַ ליידיקגייער, וועלכער קומט איצט יעדע פאָר טעג אין וואַלד... צו וואָס און צו וועמען?

דעם טאַטנס שווייגן האָט אַביסל געשראָקן און אין דער זעלבער צייט האָט עס אויסגעזען, ווי אַ שטיקל הסכמה. צילקע מיט סאָשען זענען אַוועק אין וואַלד. די מומע—צום טייכל שייערן די כלים.

שפּאַצירנדיק אַזוי מיט סאָשען האָט צילקע פּלוצלונג גענומען שמייכלען און לייכט לאַכן...

—וואָס, צילקע!

—גאָרנישט — ענטפערט זי און לאַכט נאָכמער. און סאָשע ווערט נאָכמער פאַרוווּנדערט, ווען זי פאַלט צו אים אַ צווייט מאָל צו און דערלאַנגט אים ווידער אַ קוש מיט אַ ביס אינאיינעם...

און עס ווערן אַזוי שפּילנדיק און פריילעך די שעה'ן. זיי שפּילן זיך, פון יעדער קלייניקייט פרייט מען זיך. געפונען אַ יאַגדע — פאַרבייסט מען עס מיט אַ קוש... נאָר מיטאַמאָל דערמאָנען זיי זיך ביידע, אַז אין שטוב זיצט דער שווייגנדיקער טאַטע.

גייט מען לאַנגזאַם אַהיים. דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן. שוין אַוועקגעפאָרן...

—ער איז אין כעס געווען? - פרעגט צילקע ביי דער מומע ניכע.

—ווען איז ער נישט אין כעס? ער איז אַוועקגעפאָרן קיין סוויסלאָטש, אויף עטלעכע וואָכן אַוראי...

צילקע גיט אַ קוק אויף דער וואַנט. די תּפֿלין זענען נישטאָ און דאָס איז דער בעסטער סימן, אַז דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ לענגערע צייט. אין האַרצן טוט עס איר הנאה, און סאָשע נעמט פּלוצלונג זינגען. ער האָט זיך דערמאָנט אַ ליד פון די בערגלייט. צילקע מאַכט אים נאָך און ביי דער מומע ניכע פאַלן די כלים פון די הענט אַרויס...

## VI

### שפּעט־זומער...

אין מסטיבאָווע האָט מען דערווייל געהאַט וואָס צו רעדן: דער יונגער לוריע, דער אויסלענדער, איז ביי אַלעמען אין מויל געלעגן.

—און אַז מען האָט שוין יאָ אַ רייכן טאַטן, מעג מען שוין אַלצדינג טון?

—האָט זיך פֿריינגעזעצט אין וואַלד מיט דעם אומבאַשיצטן מיידל...

—עס וועט אַן אומגליק זיין, עס וועט זיין אַן אומגליק!

—אַ רחמנות אויף דעם אַלטן איסר, איין קינד האָט ער...

—ער איז אַליין שולדיק, אין אַלץ שולדיק: פֿאַרוואָס איז ער אַוועק קיין סוויסלאָטש און געלאָזט זיין טאָכטער מיט לוריעס קדיש?...

און אַז די מומע ניכע פלעגט פֿאַראָפּקומען קיין מסטיבאָווע איינקויפֿן שפּייז, איז זי שטענדיק אַרומגערינגלט געוואָרן פֿון בייגעריקע:

—וואָס הערט זיך אין וואַלד? ער איז נאָך דאָרט... יאָ...

און צילקע? הלואי זאָל זיך עס גוט ענדיקן.

די מומע ניכע פלעגט ברייט אויפעפענען די אויגן, פונקט ווי די מענטשן וואָלטן איר איצט דערמאָנט, אַז די סכנה איז נאָענט. און זי פלעגט שוין איילן צוריק אַהיים, נישט ענטפערנדיק קיינעם.

די מיידלעך פלעגן איר באַגלייטן מיט נייגעריקע אויגן:

—די אַלטע ווייסט אַלץ, נאָר זי וויל נישט דערציילן, זי שווייגט, ווי אַ מכשפה.

אומעטום האָט מען זיך געשושקעט און גערעדט אויפן קול, אַז לוריעס זונדל „פירט" אַ ליבע מיט צילקען.

און פרויקע פלעגט אָנשטעלן אויערן און כאַפּן אַ וואָרט. אַ מאַכטלאָזע בייזקייט האָט אים געפייניקט:

יען נישט דער לוריע. צילקע וואָלט פון אים נישט גע-לאָפן, צילקע וואָלט אים נישט אָפּגעשטויסן. און אַזאַ בלינדער איז ער געווען, פריער האָט ער זי גאָרנישט באַמערקט — געווען אַ מיידל, ווי אַלע מיידלעך, אַביסל ווילד, אַביסל שווייגנדיק...

אָבער איצטער איז זי אַזוי שלאַנק אויסגעוואַקסן, אַזוי שיין, אַז אפילו דער שטאָטישער לוריע, דעם גבירס זון טרעט פון וואַלד נישט אָפּ.

און אין וואַלד...

דער וואַלד איז עלטער געוואָרן, שווייגנדיקער. גייט אַוועק דער טאָג — ציט זיך אַראָפּ אויף אים אַ שוואַרצער ליילעך, באַ-שאָטן מיט גאָלדענע פינטעלעך און אַלע קלאַנגען, אַלע טענער, אַלע זיפצן פון וואַלד קנוילן זיך צונויף אין אַ גרויס שווייגן און שאַ...

דאָס ווינטל האָט דאָ עטלעכע נאָך נישט-פאַרענדיקטע סודות. אַ האַלב-טויטער זשוק דראַפּעט די קאָרע פון אַ סאָסנע. דער זשוק איז שוואַרץ, די נאַכט איז שוואַרץ און צו די גאָלדענע פינטע-לעך פון שוואַרצן ליילעך איז אַזוי ווייט, אַזוי ווייט...

דערנאָך רוקט זיך די שוואַרצקייט אַוועק, אַוועק... און אין דער בלייכקייט פון דעם נייעם פרימאָרגן בעמען אַרויסקוקן די שפּיצן פון די ביימער, און נאָך אַביסעלע שפּעטער טיילט זיך אָפּ איין

בוים פון צווייטן — געגוג זיך צו קושן אין דער פינסטערניש. יע-
דער בוים פאַרנעמט זיין נעכטיקן פלאַץ, ציט זיך אויס, ווי אַ זעל-
נער אויף זיין פּאָסטן און וואַרפט שאָטן.

נאָר אויב די ביימער שווייגן — רעדן פאַר זיי די וועוו-
ריקעס און די פייגעלעך. די לעצטע שמעטערלינגען פון זומער
פלאָנטערן זיך באַגינען צווישן די ביימער — אומזיסט זענען זיי
אַוועק פון פעלד: דאָ איז ווייניקער זון.

און וועמען פון די אַלע גאָטס דראָבנע באַשעפענישן גייט
עס אָן, וואָס עס טוט זיך אין וואַלד?

באַטאָג ברענט נאָך די זון, און ווו זי געפינט נישט קיין
באַשאָטנט ווינקל, קאָנצענטרירט זי אירע אַלע שטראַלן און ציט
אַרויס יונגע גרעזלעך פון דער ערד, אַזוי ווי אין אָנהייב פון
פרילינג.

דאָך ערגעץ-ווו איז שוין ליידיק אַ נעסט און פון צייט צו
צייט פליט פון דאָרטן אַרויס אַן איבערגעבליבן פעדערל, אַ פאַר-
טרוקנט שאָלעכצל פון אַן אויסגעפּיקט אייעלע, און שפּינוועבס-
פעדעם שוועבן אין דערלופטן, שוועבן און פאַרפּלאָנטערן זיך צווישן
די צווייגן, ביז דער ווינט רייסט זיי אָפּ און לאָזט זיי ווידער
זיך שלענגלען אין די פּאַליעס פון דער לופט.

די נאַכט גייט אַוועק און לאָזט איבער אין באַלויכטענעם
וואַלד איר גרויס שווייגן. וואָס אַ טאָג ווייטער אַלץ ערנסטער
און טיפער ווערט דאָס שווייגן. פייגל רייסן איבער זייער גע-
זאַנג אינמיטן, די גרילן הערן זיך שוין זעלטן. בלויז דער וועוו-
ריק מיט זיין קעציש שרייען וויל נישט וויסן פון איינגעהאַלטנ-
קייט און זיין געשריי הילכט נאָך איצט דייטלעכער, ווילדער...
עפּעס אַזוי ווי אַן אָנזאָג, ווי אַן אויסרוף קלינגט זיין געשריי.

שוין עטלעכע וואָכן זיצט סאַשע אין וואַלד און. ער וויל
נישט און קאָן שוין נישט פון דאַנעט אַרויס. עס איז געשען,
ער האָט נאָך פריער געפילט, אַז ער וועט פון דאַנעט נישט אַרויס.
אַ שטיק לעבן האָט אים אַרומגענומען מיט פעסטע צווייגיקע
אָרעמס און צוגעשמידט... צילקע איז זיינע...

עס זענען געווען ביי אים באַוווסטזיניקע מאָמענטן, בעת

ער האָט פעסט באַשלאָסן, אַז ער מוז פון דאַנעט אַנטלויפן. נאָר אין דער זעלבער צייט האָט ער געפילט, אַז ער וועט דאָס נישט איבערלעבן, אויב זי וועט צו אים נישט געהערן. און זי אַליין איז אים אַנטקייגן געלאָפן, קיין רגע פון אים נישט אָפגעטרעטן. אירע ליפן האָבן זיך געצויגן צו זיינע, אירע אָרעמס האָבן אים געהאַלדזט... ווערטער האָט זי דאָך שטענדיק געהאַט ווייניק— האָט זי ווייניק גערעדט נאָר אַלץ טיפער, טיפער מיט אירע אויגן אַריינגעקוקט אין זיינע... געקושט און געשוויגן און אַמאָל—געלאַכט. שטיל-שטיל איינגעהאַלטן געלאַכט, און דאַכט זיך, אַז זי האָט זיך גערייצט מיט סאַשען...

און איינמאָל האָט זי אַריינגעוואָרפן אַזאַ פראַזע:

—פאַרוואָס קושסטו מיך נישט אַזויווי פרויקע האָט זיין ציגיינערין געקושט?

—וואָס פרויקע? וועלכע ציגיינערין?—האָט זיך סאַשע געוווּנדערט.

און זי האָט אים דערציילט, וואָס זי האָט אַנומלט געזען אין וואַלד.

סאַשע האָט זיך פאַרטראַכט און טיף-טיף אין האַרצן האָט ער זיך אַביסל פאַרשעמט פאַר דעם וואַלד-מיידל... זי פלעגט אים אָבער נישט לאָזן טראַכטן, און שרעקן פלעגט עס אים בעת זי זאָגט:

—פון דאַנעט וועסטו שוין נישט אַוועקגיין, מירן דאָ בלייבן אין וואַלד.

—דעם וואַלד וועט מען אינגיכן אויסהאַקן, צילקע!

—וועלן מיר אַריבערפאָרן קיין סוויטלאָטש.

—אַזוי טראַכסטו?

—יאָ, יאָ, יאָ, און יעדן „יאָ" באַגלייט זי מיט אַ קוש. ער פילט און זעט, וואָס עס טוט זיך מיט איר: אַ לעבן האָט זיך אויפגעכאַפט צום לעבן, אַ פייער, אַ פאַרבאָרגן פייער האָט זיך אָנגעצונדן און ער ווערט אַלץ מער אַליין פאַרבלענדט און געפאַנגען. ער האָט געטראַכט, געטראַכט...

ביז ער האָט אויפגעהערט צו טראַכטן.

טאָג און נאַכט האָבן זיך צונויפגעגאָסן. פון זיין קאָפּ האָט זיך פלוצלונג אויסגעוועבט אַלץ, וואָס ער האָט אין זיין לעבן דורכגעמאַכט: זיין „אויסלאַנד", זיין „קוק אויפן לעבן", זיין רויקע שווערקייט. ער האָט אויפגעעפנט זיינע אָרעמס, ער האָט אויס- געעפנט זיין האַרץ און ברייט פאַרן גאַנצן וואַלד, פאַר דער גאַנצער וועלט אָפּגעאָטעמט... עס זענען אַוועק טעג און נעכט פון ליידנשאַפט, פון פאַרגעסונג. פריער פלעגט אים אַמאָל פאַר- דריסן, וואָס צילקע פאַרשטייט אים אַזוי ווייניק, וואָס ער מוז זיך צופּאַסן צו איר, אויסזוכן ספּעציעלע ווערטער, נאָר איצט האָט ער דערפילט, אַז מען באַדאַרף נישט, מען באַדאַרף נישט קיין ווערטער, קיין געדאַנקען... נאָר טיפער, טיפער זיך אַריינ- קוקן איינער דעם צווייטן אין די אויגן, איינבייסן זיך מיט די ציין בעתן קושן זיך און דאָס איז די בעסטע שפּראַך, דאָס ווילד- טיקסטע, דאָס הייליקסטע...

און צילקע האָט זיך געביטן ווילד, דורשטיק, אומגעריכ- טערהייט... עס האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט ביי אַ וועווריק צו- גענומען די שאַרפע ציינדלעך און איצט נוצט זי עס אויס אויף סאַשעס ליפּן, אויפן האַלדז... ער פלעגט זיך טאַקע פאַרטיידיקן פון איר, ווי אַ בער פון אַ פלינק חיהלע. באַרויקן פלעגט ער איר, גלעטן, שמייכלען, לאַכן צו איר, ווי אַן עלטערער קליגע- רער ברודער און צום סוף — אַליין נעמען בייסן און זיך אינגאַנצן פאַרגעסן...

איסר איז די גאַנצע צייט געווען אין סוויסלאַטשער וואַלד. נ כע זיפצט און אירע זיפצן ווערן אַלץ שווערער, פול מיט נחת.

די פאַרליבטע צילקע האָט זיך אויסגעלערנט אָפּנאַרן דער אַלטער: באַנאַכט פלעגט זי זיך לייגן שלאָפן און נאָר אָפּוואַרטן, אַז די מומע מיט די גראָע האָר, וואָס קריכן אַרויס פון אונטערן שייטל, זאָל איינשלאָפן. און דעמלט ציט זי אַרויף אויף זיך צו- ריק דאָס קליידל און לויפט אַריין אין דער צווייטער שטוב, צו סאַשען...

ער פלעגט זי אָפּוואַרטן. איז די נאַכט וואַרעמער — פאַר-

ברענגען זיי אין וואַלד. דעמלט הערט מען בלויז, ווי דאָס טייכל קייקלט זיך איבער די שטיינדלעך און רעדט, רעדט אויף דעם אומפאַרשטענדלעכן וואַסער-לשון. אַמאָל נעמען די נאָדל-צווייגן לייכט רוישן, ווי עפּעס שטערט זיי אין זייער וואַלד-חלום.

זיי שלאָפן אין וואַלד צווישן די ביימער, רוען ווי די אייביק אויסגערוטע, ביז דער האָלץ-העקער וועט קומען מיט זיין שאַרפער האַק. אַ ווינטל גייט פאַרביי און דאָס ווינטל ווייסט דעם סוד פון אַלע לעבעדיקע און טויטע.

טוליעט זיך צילקע צו סאַשען, פלאַפּלט, וואָס אין קאָפּ קומט אַריין. זי האָט אָנגעהויבן איצט צו רעדן. פלעגט ביי סאַשען אַלץ אויספרעגן, פונקט ווי זי איז איצט ערשט געבוירן געוואָרן, און ביי סאַשען וויל זי דערגיין: וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט? וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענטשן אין שטאָט?

און אייגמאָל, אין אַ רגע, ווען זייערע אָרעמס האָבן זיך נאָר וואָס פאַרנאַנדערגענומען און סאַשע האָט אין דער פינסטער צונויפגעקליבן אַ געדיכטן פלאָנטער פון אירע האָר, האָט זי ביי אים אַ פרעג געטון:

—סאַשע, אַלע מענטשן זענען אַזוי?

—ווי „אַזוי”?—האָט סאַשע אין דער שטילקייט פון וואַלד איבערגעפרעגט.

האָט זי זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

—אָט אַזוי, ווי מיר,—און זי האָט אים ווידער גענומען קושן.

און איר צאַפּלדיקער קערפּער איז צוגעפאַלן צו זיינעם. דער וואַלד אַליין האָט אויסגעהערט איר פאַר׳חלש׳ט פייערדיק מורמלען: „אָט אַזוי, אָט אַזוי, אָט אַזוי”. און עס איז ערגעץ אַוועק-געגאַנגען, ערגעץ אַוועקגעלאָפן דער מורמל, ער איז צוגעפאַלן צו די ביימער, ווי סאַמעט, ווי זייד, ער האָט געוואַרעמט די לופט...

„אָט אַזוי!”

דערנאָך איז זי אַ רויקע לעם אים איינגעשלאָפן אין איר וואַלד, צווישן אירע ביימער, וועלכע האָבן אירע ערשטע טריט געזען און געהערט איר ערשט לאַכן. נאָר סאַשע איז דאָ גע-

זען אַ פרעמדער, אַ ווייטער פון גראָדנע. פון אויסלאַנד איז ער געקומען מיט אַ סך איינגעשטילטע ספקות און פאַרלאַנגען.

ער האָט זיך פאַרטראַכט. אין די אויערן האָבן נאָך גע־קלונגען צילקעס ווערטער... יאָ, יאָ—„אָט אַזוי" איז די גאַנצע וועלט. און מאָדנע געפילן האָבן זיך ביז באַגינען געראַנגלט אין אים. פון איין זייט איז ער עפּעס שטאָלץ געווען ביי זיך, וואָס אַזאַ צאַפּלדיקע צילקע, אַזאַ קינד פון דער נאַטור איז אַריינגע־פאַלן צו אים אין די הענט, און פון דער צווייטער זייט האָט ער שוין געפילט, אַז זיינע הענט זענען צוגעשמידט צו איר... עט־לעכע מאָל האָט ער דערפילט אַ גרויסע אומרויקייט אין זיך, נאָר ער האָט עס געטריבן פון זיך, ער האָט נישט ליב געהאַט צו ליידן.

אָט שלאָפט זי רויק—אודאי חלומט זיך איר דער באַטאָגי־קער וואַלד—וואָס האָט זי געזען אין איר לעבן?

ביז דער פאַרטאָג איז אָנגעקומען און סאַשע האָט געקאָנט אַריינקוקן אין איר פנים, וואָס די נאַכט האָט אַזוי בלייך געמאַכט. און אין דער רגע האָט ער אַ טיף גוט געפיל געהאַט צו איר, אַ רחמנות, ווי צו אַ קינד. ער וועט זי קיינמאָל נישט פאַרלאָזן, ער וועט זי היטן פון לעבנס שלעכטס. אַזוי האָט ער געטראַכט אין דער גוטער רגע...

און באַטאָג...

סאַשעס גראָער קאַפּעליוש האָט זיך כסדר געוואַלגערט אי־בערן וואַלד אָדער אין שטוב. ער האָט אים די גאַנצע צייט נישט אָנגעטון. די מומע ניכע האָט צוגעגרייט עסן מיט ציטער־דיקע הענט, מיט אומרויקע בליקן. זי האָט שוין עטלעכע מאָל געוואָלט שיקן שלמה'ן פון גוראַלניע, ער זאָל צופאָרן קיין סוויסלאָטש צום אַלטן איסר און אים דערציילן, אַז דער סאַשע זיצט נאָך אַלץ אין וואַלד און טרעט נישט אָפּ פון צילקען, אַז קיין גוטס וועט פון דעם נישט אַרויסקומען.

וועגן די נעכט, דאָס וואָס צילקע גנבעט זיך אַרויס האָט זי נאָך גאָרנישט געוווסט.

איינמאָל האָט סאַשע געזאָגט, אַז ער וואָלט וועלן אויף אַ טאָג אַריינלויפן קיין גראָדנע: קיינער איז אין דערהיים נישטאָ,

אפשר זענען בריף אָנגעקומען פאַר אים.

איז צילקע בלייך געוואָרן. די שטאָט מיט די בריף, וואָס ער וואַרט אָפּ, האָבן איר דערשראָקן. און גלייך, וואָס געטראַכט באַלד אַרויסגערעדט:

—דו פאָרסט אַוועק און איך האָב מורא, אַז דו וועסט שוין מער צוריק נישט קומען.

—וואָס פאַלט דיר איין, נאַריש קינד. — אָט דאָסדאָזיקע מיידל וועט אים שוין, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט אָפּלאָזן. ער האָט זיך נאָכמער דערשראָקן פאַר צילקען און איז אין זיך אַריין, אין כעס געוואָרן אויף איין סעקונדע און באַשלאָסן נישט צו פאָרן. צילקע האָט זיך דערפרייט.

שפּעטער פאַרגאַכט איז זי צו אים צוגעשטאַנען, מיט אַ פראַגע, וואָס האָט סאַשען שטאַרק צוטומלט:

—סאַשע, אַז איך וועל געבוירן אַ קינד, וועט עס זיין אַ ממזר?

ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט געוואָלט פאַררעדן, אָפּווענדן איר פראַגע, נאָר זי האָט זיך נישט געלאָזט:

—אין פרודנע האָב איך געזען, ווי מען האָט געשלאָגן דעם פאַכטערס טאָכטער, ווייל זי האָט געדאַרפט געבוירן אַ ממזר.

אַ שווער גערעגגל איז אין אים פאַרגעקומען, ער האָט נישט געהאַט פאַר איר קיין ענטפער. די גאַנצע ווירקלעכקייט פון לעבן איז צוגעגאַנגען צו אים מיט דער איינער קורצער פראַגע: „וואָס וועט זיין?" און ווען ער האָט געזען, אַז צילקעס פנים פאַרטרויערט זיך, האָט ער זי צוגעדריקט צו זיך און טריי אַרויסגערעדט:

—קינד, קיינער וועט דיך נישט שלאָגן, איך וועל דיך נישט לאָזן באַליידיקן, עס וועט אַלץ גוט זיין.

און שפּעטער, ווען ער איז אויף אַ קורצער צייט געבליבן אַליין, איז ער אַוועק אין וואַלד און גענומען טראַכטן, באַטראַכטן זיין לאַגע. עס האָט אים אַלץ אויסגעזען אַזוי שרעקלעך מאָדנע, אַזוי אומגעלומפּערט שרעקלעך: ער האָט זיך אַליין אַזוי פאַרפלאָנ-

טערט, ער. וואָס איז שטענדיק אַנטלאָפן פון דעם „עיקר" און נישט געוואָלט זיך לאָזן באַזיגן — איצט האָט אים דער „עיקר" געכאַפּט און געשמידט הענט און פיס, ווייל...

צילקע איז דאָך נישט און וועט דאָך נישט זיין גלייך צו זיינע אַלע פריערדיקע באַגעגענישן מיט פרויען.. דאָרט אין אויסלאַנד — נישט זיי האָבן פון אים אַ סך פאַרלאַנגט, יענע פרויען, נישט ער פון זיי, - קורצע באַגעגענישן, קורצע ליידנשאַפטן, וועלכע האָבן צו גאָרנישט פאַרפליכטעט. נאָר צילקע איז אַן עלנדע יתומה. איסר איז ביי זיי אַ משרת און איסר האָט מיט אים שוין אַמאָל גערעדט און טרערן האָבן זיך דעמלט געשטעלט ביים שווייגנדיקן יידן אין די אויגן...

ער האָט אַזוי שפּאַצירט מיט זיינע לאַנגזאַמע טריט אַלץ טיפער אין וואַלד אַריין. געטראַכט האָט ער פון זיין איינזאַם לעבן, האָט זיך געשטראָפט אין דער רגע פאַר זיין פוילקייט און נישט-צוגעפּאַסטקייט צום לעבן. דוכט זיך, אַזוי יונג, עס פעלט אים נאָך פיל צו דרייסיק יאָר, און אַלץ האָט ער שוין איבערגעקלוגט, פון אַלץ זיך אויסגעלאַכט. און צו צילקען? וועלכע געפילן האָט ער צו איר? וואָס איז דאָס? ליבע, אָדער בלויז ליידנשאַפט? ער האָט זיך קיין רעכנונג נישט געקענט אָפּגעבן. גיכער פאַר אַלץ איז דאָס געווען ביי אים אַן ענטציקונג, ער האָט דערזען אַ וועלטעלעם נישט-געריירטן עקזעמפּליאַר און איז פאַרבלענדט געוואָרן...

און צילקעס געשטאַלט שוועבט פאַר די אויגן. ער פּרוווט זי פאַרגלייכן מיט אַלע פרויען, וואָס ער האָט ווען באַגעגנט. ער פאַרגרעסערט און פאַרקלענערט איר שיינקייט, איר יונג פייער, וואָס האָט אים אָנגעצונדן. ער שטעלט זיך קלאָר די פראַגע, צי וועט ער קאָנען איצט אַוועקגיין, אַוועקפאָרן אין דער וועלט אַריין און זי פאַרגעסן? און ער פילט, אַז אַן אומבאַקאַנטע בענקשאַפט נעמט אַרום זיין גאַנץ וועזן... אפשר איז דאָס טאַקע ליבע? אַזאַ געפיל האָט ער נאָך נישט געהאַט...

וואָס וועט דאָ זיין? וואָס וועט דאָ זיין?

ער קוקט זיך אום אין וואַלד. אַ גרויסע רויִקייט ליגט דאָ

צווישן דיביימער און איבער די ביימער. שטיקער זון פאַלן מיד אַראָפּ אויף יעדן שטיק באַפרייטן ווינקל פון וואַלד און ערגעץ זינגט זיך, זינגט זיך פון זיך אַליין.

ער וואָלט שוין וועלן אָט די־דאָזיקע גרויסע רויִקייט אַריינ־נעמען צו זיך אין האַרץ — דאָס טראַכטן מאַכט אים מיד. ער קאָן נישט ליידן און וויל נישט ליידן.

פּיטאַמאָל דערהערט ער זיין נאָמען. דאָס רופט אים ציל־קע, זי פּאַטשט מיט די הענט און שרייט „סאַשע".

רופט ער זיך אָפּ, גייען זיי שוין צוריק צוזאַמען. לאַכט זי, זי הייבט גאָרנישט אָן צו וויסן, אַז סאַשע איז אומרויִק, איר לאַכן גיט זיך אים איבער, ער כאַפּט זי אויף די הענט אַרויף און טראָגט זי אַ שטיק וועג אין וואַלד. צו ערשט ראַנגלט זי זיך, דערנאָך מאַכט זי צו די אויגן און נעמט הייס אָטעמען. דאָס לייכטע קליידל פּלאָנטערט זיך ביי סאַשען אין די הענט. מיט די פינגער זיינע רירט ער אָן דורכן קליידל איר קערפּער און עס בריט זיך אָפּ זיין גאַנץ וועזן. די גרינע ביימער שימערן אין די אויגן, די זון־שטראַלן פּלאַטערן צווישן די ביי־מער. נאָך אַ פּאָר טריט און ער פאַלט אום מיט צילקען.

אַליין, אַליין, ווייט פון אַלע מענטשן. זאָל נאָר דער פויגל, וואָס זינגט אויפן בוים זיי נישט אַרויסגעבן.

דערנאָך ווען צילקע עפנט אויף די אויגן, אין וועלכע די גאַנצע גרינקייט פון וואַלד שפּיגלט זיך אָפּ, רופט זי זיך אָן צו סאַשען...

— דו?.. דו... איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז פרויִקע...

— וואָס פרויִקע? ווי קומט דאָ פרויִקע?—ווונדערט זיך סאַ־שע. נאָר צילקע ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן. אַ סך מאָל האָט עס שוין מיט איר פּאַסירט: ווען סאַשע צינדט זיך אָן און נעמט זי שטאַרק קושן, ווען ער טראָגט איר אויף די הענט אַזוי פלינק אַזוי לייכט, שוועבט מיטאַמאָל פאַר איר אַרויס דער פרויִקע באַ־ראָש, פאַר וועלכן זי האָט זיך שטענדיק מורא געהאַט... ווייל ער האָט זי שטענדיק געוואָלט קושן, און איצט איז מיט איר דאָס זעלבע געשען, זי האָט אויפגעעפנט די אויגן, געקוקט אויף סאַ־שען און געזען פרויִקען מיט זיין פונאַנדערגעשפּילעטער שוואַרצער

בלוזע. ער האָט געקוקט אויף איר און אַביסל בייזלעך געשמייכלט.

סאַשע האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען... און זי האָט שוין ווי-דער געשטרעקט די הענט צו אים, געלאַכט און געשטיפט ביז די זון האָט זיך אַריבערגעוואָרפן אויף אַ צווייט שטיק וואַלד. פון דעם בוים, אונטער וועלכן זיי זענען געלעגן האָבן לאַנגזאַם גע-טריפט פעך-טראָפנס, ווי גרויסע בורשטין-טרערן. דאָס האָט די זון, פאַר איר אַוועקגיין, מיט די שטראַלן אויסגעוויזן דעם זאַפט פון בוים...

זיי זענען געגאַנגען צוריק. סאַשע האָט אַלץ פאַרגעסן, וואָס ער האָט נאָר וואָס געטראַכט. זי האָט פיל געלאַכט און איר לאַכן האָט געמונטערט. יעדע רגע פלעגט ער ברייט אויפעפענען די אויגן און באַוווּנדערן איר שפרונג, איר זאָרגלאָזיקייט.

די מומע פלעגט זיי שטענדיק צוגרייטן עסן, נאָר אַליין פלעגט זי זיצן אָדער שטיין פון דערווייטן. טיף אין האַרצן איז זי בייז געווען אויףביידן. זי האָט נאָך גאָרנישט געוווּסט און האָט שוין ביידע געהאַלטן פאַר זינדיקע. זי איז געווען מאַכטלאָז, האָט גאָרנישט געקענט העלפן און זי האָט זיך אינגאַנצן פאַר-לאָזט אויף גאָט. איין האָפנונג האָט זי יאָ געהאַט; דער זומער רוקט זיך אַוועק און דער סאַשע וועט דאָ לאַנג אין וואַלד נישט בלייבן.

טעג האָבן זיך געצויגן טרוקענע, געזונטע, און נעכט—פינס-טערע, טויט-שווייגעדיקע. און איינמאָל אין אַזאַ נאַכט האָט די מומע ניכע דערהערט אַ שאָרך אין צימער. זי איז פון מידקייט באַלד ווידער איינגעשלאָפן, נאָר דער שלאָף איז שוין געווען אַן אומרויקער, עס האָט געדויערט אַביסל, דערנאָך האָט זי אויפגע-עפנט די אויגן, גענומען זיך אַרומקוקן אין דער פינסטער און אויסגערופן:

— צילקע.

קיין ענטפער. איז זי אויפגעשטאַנען, אָנגעצונדן פייער... צילקע איז נישט געווען, דאָס בעט אירס איז ליידיק און צו-וואָרפן. די אַלטע איז בלייך געוואָרן פון שרעק... איז זי צוגע-

לאָפן צו דער טיר און נאָכאַמאָל אויסגערופן: „צילקע". אין וואַלד
איז נאַכט געווען און די נאַכט האָט נישט געענטפערט.

אין דער רגע האָט זי אַלץ געוואָלט וויסן, אַלץ דערגיין.
זי איז פול געווען מיט פאַרדאַכט און צאָרן, די מומע ניכע, אַט
די צילקע, וואָס אויף אירע אַלטע הענט האָט זי זיך אויסגעהאָדע־
וועט, אַט די צילקע נאַרט איר. פון שטוב גנבעט זי זיך אַרויס
אינמיטן נאַכט... זי איז אַרויס אין וואַלד און איז אָפּגעגאַנגען עט־
לעכע טריט אויף לינקס, עטלעכע טריט אויף רעכטס. עס איז געווען
אַביסל קאַלטלעך פאַר אירע אַלטע ביינער און זי האָט צוגעצי־
טערט. דאָס ווינטל האָט געצופּט אירע גראָע האָר. זי האָט מער
צילקען נישט גערופן, ניין, ניין. זי וויל דערזען דעם סוד. זי
וויל וויסן צי די זינד איז שוין געשען. ווי אַ פאַרשווערערין
האָט זי זיך געגנבעט, צום טייכל איז זי צוגעגאַנגען. דאָס וואַסער
האָט זיך געמאַכט זיין שטענדיקן וועג און עפּעס אומרויק צוגע־
מורמלט, אַזוי שטום איז די נאַכט פאַר דער אַלטער. אַזוי אָנגע־
זאַפּט מיט פּחד. באַטאָג פילט זי גאָר קיינמאָל נישט אַזוי איר
אַלטקייט ווי איצט אין דעם חושך צווישן די ביימער. זי פאַר־
געסט אויף אַ רגע אָן צילקען און טראַכט פון איר אייגן לעבן,
פון אַזוי פיל עלנדע יאָרן, און פילן פילט זי, אַז צום בית־
עולם איז שוין אַזוי נאָנט, אַזוי נאָנט. פאַר וועמען האָט זי גע־
לעבט און ווער וועט נאָך איר וויינען?

צילקע...

זי האָט איר אָפּגעגעבן די גאַנצע נשמה און איצט האָט זי
זיך אַרויסגעגנבעט זינדיקן.

אין וואַלד געפינט זי איר נישט. אפשר זענען זיי אַוועק־
געגאַנגען נאָך ווייטער, האָט זי נישט קיין כּוח מער צוגיין,
די אַלטע, און די אויגן זעען קיין זאַך נישט — גייט זי צוריק. אינ־
דעם דערהערט זיך צילקעס קול, צילקעס פאַרשטיקט לאַכן. די
אַלטע ציטערט אויף, זי לאַכט פון סאַשעס צימער, פון דער צוויי־
טער שטוב, וואָס שטייט אין וואַלד קומט דאָס לאַכן...

זי גנבעט זיך צו נענטער און שטייט עטלעכע רגעס אונ־
טערן פענסטער, שטייט און ציטערט אויף ביי יעדן קלאַנג, וואָס

זי הערט אויס — אַלץ איז קלאָר. אַלץ איז שוין זיכער און די נאַכט ווערט טאָפּלט פינסטער פאַר איר, די פיס ברעכן זיך איר אונטער, זי וויל שוין גיין צוריק, דערהערט זי ווידער צילקעס לאַכן. האַלט זי נישט אויס און נעמט קלאַפּן אין פענסטער און רופן: „צילקע, צילקע, צילקע".

עס ווערט שטיל אינעווייניק ביי סאַשען אין חדר. אינגאַנצן וואַלד, אויף דער גאַנצער וועלט ווערט שטיל. די אַלטע שלעפּט זיך צוריק אַוועק אין שטוב און פאַלט מיט אַ קרעכץ אַראָפּ אויף איר געלעגער. און דעם וואַלד דאַכט זיך, אַז טויזנטער שטימען האָבן זיך אין אים אַריינגעלאָזט און אַלע שטימען רופן: „צילקע, צילקע". אין אַלע פינסטערע ווינקעלעך לויפט עס אַרום, דאָס קול, אויף אַלע צווייגן הענגט עס זיך אָן, אין טייכל פאַלן די קלאַנגען און די פאַליעס טראָגן עס אַוועק מיט שטיקער נאַכט אינאיינעם.

די מומע ניכע יאָמערט אין איר קישן, אויף איר, אויף איר אַליין פאַלט די זינד. זי האָט צילקען אויף אַ רגע נישט געטאָרט אָפּלאָזן. זי, די מומע, האָט געדאַרפט דעם סאַשען פאַרטרייבן פון וואַלד, ווי מען פאַרטרייבט אַ קראָ, וואָס קראָקעט צו לאַנג אונטערן פענסטער, ווי מען פאַרטרייבט אַ הונט.

דערנאָך הערט זי, ווי די טיר עפנט זיך און ווי צילקע לייגט זיך אויף איר געלעגער. עס איז פינסטער אין חדר. ביידע פרויען שווייגן. איינע, וואָס האָט אַזוי פרום אָפּגעלעבט אַ לעבן — און די צווייטע, וואָס האָט אַזוי זינדיק אָנגעהויבן צו לעבן.

און דאָרט ביי זיך אין צימער איז געבליבן סאַשע אַליין. דאָס געשריי „צילקע", וואָס איז געקומען פון וואַלד, האָט אים איצט אויף אַן אמת אויפגעוועקט.

דאָס האָט גערופן די מומע ניכע, נאָר אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די נאַכט אַליין האָט צו אים אַריינגעשריגן. די בייזע נאַכט האָט אים איצט שלאָפן נישט געלאָזט, ער האָט גענומען רייכערן איין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן, איז צום פענסטער צוגעגאַנגען און געקוקט אין דער פינסטערניש.

וואָס וועט דאָ זיין?

איין רגע און אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז גאַנץ פּשוט: אין דערפֿרי וועט ער צוגיין צום שאָסיי-וועכטער איוואַן און אים הייסן איינשפּאַנען דאָס פֿערד. ער וועט אַוועק פֿון וואַלד, אַוועק, אַוועק...

„ניין, דאָס וועט דאָך קיינמאָל נישט זיין" — האָט ער שוין אין אַ רגע שפּעטער באַשלאָסן. און מיטאַמאָל האָט ער דערפֿילט, אַז ער בענקט נאָך דער צילקען, וועלכע האָט זיך אַזוי דער-שראָקן, בעת די מומע האָט אין פֿענסטער אָנגעקלאַפּט. וואָס טוט זי דאָרטן איצטער? זי וויינט אודאי און די מומע שטראָפֿט און שילט, שטראָפֿט און שילט.

יז'ר האָט זיך געוואָרפֿן פֿון איין געדאַנק צום צווייטן, דער קאָפּ זיינער האָט געברענט פֿון אויפֿרעגונג. ער האָט זיך אָנגע-הויבן פֿילן, ווי אַ פֿאַרברעכער און האָט אַליין געוואָלט אויס-טראַכטן פֿאַר זיך אַ שטראָף, אַ שווערע שטראָף, אַזוי ווי ער האָט פֿאַרדינט.

עטלעכע מאָל האָט ער אויפֿגעציטערט. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער וואַלד רופֿט ווידער: „צילקע, צילקע" און צילקעס וואַרעמקייט האָט זיך נאָך געפֿילט אין צימער. דער וואַלד-ריח פֿון אירע האָר האָט אים פֿאַרפֿאָלגט. עס איז אים געווען אין דער רגע גוט און שלעכט. און מיטאַמאָל האָט זיך אין אים אויפֿ-געוועקט דער אַלטער זאָרגלאָזער סאַשע לוריע. „זאָל זיין!" — האָט ער צו זיך אַ זאָג געטון און איז אַוועק שלאָפֿן.

אויף מאָרגן איז ווידער געווען אַ זון-טאָג. און דאָס ערשטע, וואָס סאַשע האָט דערהערט - איז געווען צילקעס זינגען. ער איז צוגעגאַנגען צום פֿענסטער און זי געזען פֿון דערווייטן. זי האָט גע-וואַשן וועש ביים טייכל.

זי זינגט גאָר...

און די פֿאַרגאַנגענע נאַכט מיט ניכעס קול אונטערן פֿענס-טער האָט אים אויסגעזען ווי אַ חלום. אין וואַלד איז אַזויפֿיל זון געווען, און בעת די זון שיינט ווערן אַלע זאָרגן פֿאַרקלענערט; אין די טונקלסטע ווינקעלעך פֿון דער נשמה צולייגן זיך אירע שטראַלן, עס לאָזט נישט טרויערן און עס צווינגט אין עפּעס נאָך

צו גלייבן. סאַשע האָט זיך אויף גיך אַרומגעיאָגט, אָנגעטון זיך און איז אַרויס אין וואַלד. ער איז אַוועק אָן אַ זייט. צילקע האָט אים נישט באַמערקט. זי האָט געקלאַפּט די וועש און פון צייט צו צייט געזונגען, אָנגעהויבן און אויפגעהערט. אין וואַלד האָט איר קול זיך ווייט פאַרטראָגן, אויפגעהויבן זיך איבער די שפּיצן פון דיביימער און פּלוצלונג זיך אָפּגעהאַקט מיטן עכאָ.

לוריעס זון האָט עפּעס באַטראַכט אַ פּלאַן און צוריקוועגס האָט ער גענומען האַסטיקער שפּרייזן. ער איז צוגעקומען צו איסרס שטוב און איז אַריין.

ניכע האָט געאַרבעט, אירע אויגן זענען געווען פאַרוויינט. סאַשע איז צו איר נענטער צוגעגאַנגען:

—ניכע! הערט זיך איין, מומע ניכע, איך באַדאַרף אייך אויף היינטיקן טאָג, איך באַדאַרף אייער הילף.

ניכע האָט אויף אים נישט געקוקט און קאַלט געפרעגט.

—וואָס?

—מומע ניכע! אין מסטיבאָווע איז פאַראַן אַ רב, יאָ?

זי האָט אויף אים פאַרוווּנדערט אַ קוק געגעבן:

—פאַראַן אַ רב. צו וואָס דאַרפסטו אַ רב?

—הערט זיך איין, מומע ניכע, אויב איר וועט מיר צו-העלפן, וועל איך אַליין אַלצדינג טון, היינט נאָך מוז דאָס געשען.

—וועגן וואָס רעדסטו, איך פאַרשטיי דיך נישט.

—איך וויל שטעלן אַ חופּה מיט צילקען. איר הערט, מומע ניכע, היינט נאָך מוז דאָס געשען.

די מומע ניכע איז אַזוי צוטומלט געוואָרן, האָט אויסגע-גלאָצט אַ פּאָר אויגן אויף סאַשען און פון אירע הענט האָט אַלץ גענומען פאַלן. אַ שרעק און אַ פרייד האָט זיך אויפגעוועקט אין איר.

—צו וואָס אַזאַ איילעניש, אָן אַ טאַטן, אָן קיינעם נישט?— סאַשע האָט זי נישט געלאָזט רעדן.

—עס איז אַ שאָד די צייט, גייט אַוועק גלייך קיין מסטי-באָווע, רעדט איבער מיטן רב, זאָל ער אַלץ צוגרייטן און מיר וועלן נאָכמיטאָג דאָרט קומען.

—איך וועל שיקן שלמה'ן קיין סוויסלאָטש, זאָל איסר קומען, ער איז דאָך אַ טאַטע.—ניכע האָט זיך געבעטן.

—מען דאַרף נאָך קיינעם נישט שיקן,—האָט סאַשע פעסט אַרויסגערעדט.—איר האָט דאָך ליב צילקען, עס גייט אין איר גליק... שפּעטער וועט אפשר צו שפּעט זיין.—זי האָט געקוקט אויף אים מיט אַ פּאָר אָפענע אַלטע אויגן און פאַרשאַרט די גראָע האָר אונטערן שייטל.

זי האָט זיך דאָך נישט גערירט פון אָרט, איז סאַשע צו-געגאַנגען און זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, האָט איר צוגעפירט צום קאַסטן, ווו עס איז געלעגן איר פּאַטשיילע.—נעמט די פּאַ-טשיילע און גייט קיין מסטיבאָווע!

זי האָט געפאָלגט. נאָר פריער איז זי צוגעלאָפן צו דער גוראַלניע זוכן שלמה'ן. זי האָט אים געוואָלט שיקן קיין סוויס-לאָטש, נאָר שלמה איז אין גוראַלניע נישט געווען. איז זי געשטאַנען אַ רגע און געקלערט, דערנאָך גענומען גיין קיין מסטיבאָווע און דעם גאַנצן וועג האָט זי פאַרזייט מיט אירע זיפצן.

סאַשע איז דערווייל צוגעקומען צו צילקען.

—גוט מאָרגן!

נאָר אָנשטאָט אַן ענטפער האָט זי אַ פּאַטש געגעבן מיט דעם וועש-קלאַפּער אין וואַסער און סאַשען באַשפּריצט פון קאָפּ ביז די פיס. און ווידער געאַרבעט.

—די מומע האָט עפּעס באַנאַכט גערעדט צו דיר?

—ניין!

—וואָס האָט זי געטון?

—געוויינט...

—און דו?

—איך בין געשלאָפן.

האָט ער געטראַכט אין דער רגע, סאַשע, אַז זי נעמט עס אָן אַ סך פשוטער, ווי ער. זי איז גלייך געגאַנגען שלאָפן און ער האָט זיך אַזוי לאַנג געפּייניקט ביים פענסטער.

—צילקע, האָסט עפּעס אַ שיין קליידל?

—יאָ, איז וואָס?

—און שיך האָסטו אויך?

—שיך האָב איך אויך, דער טאַטע האָט נישט לאַנג גע-בראַכט, אָבער צו וואָס פרעגסטו עס?

—מיר׳ן גיין קיין מסטיבאָווע...

—האַ?—זי האָט אָװעקגעלײגט דעם וועש-קלאַפּער און צו-געגאַנגען צו סאַשען, וועלכער איז געשטאַנען נאָענט לעם וואַסער און גערייכערס. — האַ! וואָס וועלן מיר טון אין מסטיבאָווע?

—מיר׳ן גיין צום רב שטעלן אַ חופה.

האָט זי סאַשען אַרומגעכאַפּט מיט אירע נאַסע הענט און גענומען לאַכן, פלאַפּלען און שפּרינגען, זיי זענען ביידע שיער נישט אין טייכל אַריינגעפאַלן. געפרייט האָט איר די גאַנצע גע-שיכטע צוליב דעם, וואָס מען וועט ערגעץ גיין, מען וועט עפּעס טומלען, עס וועט זיין לעבעדיק. די גאַנצע ערנסטקייט פון דער מינוט איז איר נישט אָנגעגאַנגען. און סאַשע האָט עס אַלץ אין איר פאַרשטאַנען, זי איז אים דערפאַר זייער טייער געווען.

און אינמיטן רייסט זי איבער די שטילקייט.

—אָבער צו וואָס שיך? אין מסטיבאָווע גיי איך זומער באָרוועס, שטענדיק באָרוועס.

סאַשע האָט איר איינגערעדט, אַז זי זאָל אָנטון שיך, ווייל עס „פּאַסט נישט״, כאָטש אין האַרץ האָט ער ביי זיך געטראַכט, אַז דאָס וואָלט געווען זייער אָריגינעל, ווען זי וואָלט געשטאַנען אונטער דער חופה באָרוועס.

דערנאָך, ווען צילקע האָט ווייטער געאַרבעט, האָט זי אָנ-געהויבן אַביסל באַטראַכטן טיפער דעם גאַנצן ענין און צו סאַשען זענען געפלויגן פראַגן:

—וואָס וועט זאָגן דער טאַטע מיינער?

—דיין טאַטע? מיר האָבן דאָך ביי קיינעם נישט גע-פרעגט.

סאַשע האָט זי באַרויקט:

—קינד, און נעכטן, און אייערנעכטן און די גאַנצע צייט, וואָס מיר קושן זיך דאָ אין וואַלד? מיר האָבן דאָך פריער אויך קיינעם גאָרנישט געפרעגט.

—טאַקע, מיר האָבן ביי קיינעם נישט געפרעגט, מיר זע־
נען דאָך שוין גרויסע...

און זי האָט קאָקעטיש אויסגעגלייכט איר גאַנצע פיגור. זיך אַוועקגעשטעלט שטאָלץ אַנטקעגן סאַשען. אַנטקעגן אַלטן וואַלד. סאַשע האָט איצט נאָכאַמאָל געזען, ווי רייף זי איז די לעצטע צייט געוואָרן, ווי אויסגעוואַקסן.

„מיר זענען דאָך שוין גרויסע". עס האָט אָפּגעקלונגען ביי אים אין די אויערן. ער האָט זי באַגייסטערט אָנגעקוקט.

—נו, גיב אַ קוש, וואָס גלאָצסטו מיט די אויגן?—האָט ער דאָס שוין געוואָלט טון, איז זי אָפּגעשפּרונגען און זיך נישט גע־לאָזט כאַפּן. זי לויפט און ער לויפט נאָך, דער וואַלד הערט זיך צו צו זייער לאַכן. די וועשביים טייכל איז געבליבן ליגן אָן אַ בעל-הבית ערגעץ ווייט, אונטער אַ סך ביימער. ווייט אין וואַלד האָט סאַשע איר געכאַפּט און זי האָט איר קוש באַקומען מיט אַ גרויסן פּראָצענט.

דערנאָך איז זי אַריין אין שטוב צוגרייטן שיך און קליידל, סאַשע איז געבליבן אַליין.

ער האָט געטראַכט...

ער האָט געטראַכט, אַז דאָס, וואָס ער גייט איצט טון, מוז געטון ווערן. פון אַלץ, וואָס אין קאָפּ האָט זיך אים איצט געפּלאָנטערט האָט ער איינס פאַרשטאַנען: צילקען טאָר מען אַווי נישט לאָזן... מען מוז דאָס טון, וואָס גיכער, נאָך היינט, און די חופּה מוז געשטעלט ווערן. ס'קאָן זיין, אַז ער האָט מורא געהאַט פאַר זיך אַליין. און אַז ער וועט באַקומען חרטה, און טאָמער מישן זיך אַריין זייטיקע סיבות און דאָס וועט אים שטערן צו זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיך אַליין. ער האָט נישט געוואָלט טראַכטן צי ער האָט צילקען שטאַרק ליב, צי זיין ליבע וועט לאַנג דויערן... אין קאָפּ האָט עפּעס געעגבערט אַ פּחדל, אַ ספק־ל— נאָר ער האָט עס געיאָגט פון זיך...

אין דעם האָט ער דערזען אין וואַלד צווישן די ביימער אַ נייעם נפש: דאָס איז געווען אַ ייד אין די מיטעלע יאָרן מיט צוקנייטשטע בגדים און מיט אַ צוקנייטשטן האַרטן קאַפּעליוש. ער

איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו סאַשען:

—שלום-עליכם, מזל-טוב אייך!—און ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט. סאַשע האָט אים אויך ד^רלאַנגט זיין האַנט, נאָר דער-ביי האָט ער אים באַטראַכט מיט נייגעריקע בליקן, וועלכע האָבן גערעדט: „ווער זענט איר און וואָס ווילט איר?

—איך בין דער שמש ביים מסטיבאָווער רב,—האָט זיך דער ייד פאָרגעשטעלט.

און סאַשע האָט דערפילט, ווי עפּעס אַ שליח פון אַ פרעמ-דער וועלט איז צו אים געקומען.

—שוין אַלץ צוגעגרייט,—האָט דער ייד ווייטער גערעדט.— די אַלטע ניכע וואַרט אויף אייך, אויב איר ווילט קאָנען מיר שוין גיין.

סאַשע האָט דעם יידן אָוועקגעשיקט צום שאָסיי-וועכטער איוואַן, אַז יענער זאָל גלייך איינשפּאַנען דאָס פערד. דער ייד איז געלאָפן דערפילן.

און צילקע איז שוין געשטאַנען אויפן גאַניקל אין איר ווייס קליידל און אָנגעטון אין שיך, וועלכע האָבן נישט זייער גע-פּאַסט צו דעם שטענדיק באָרוועסן מיידל.

דערפאַר האָט זי אויסגעזען העכער, שלאַנקער און אַ שע-מעוודיקער שמייכל האָט זיך געלייגט אויף איר פּנים. אין דער צייט, וואָס זי האָט זיך איבערגעטון האָט זי געמוזט עפּעס אַ סך איבערקלערן, אַ באַחנטע ערנסטקייט האָט געקוקט פון אירע אויגן. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט באַטראַכט דעם וואַלד פון אַלע זייטן, פּונקט, ווי זי וואָלט זיך זעגענען מיט אירע איינציקע באַקאַנ-טע—מיט די ביימער.

סאַשע האָט זי באַמערקט און איז צוגעגאַנגען צו איר. „די אויגן זענען ביי איר היינט ווידער בלאָע"—האָט ער אַ טראַכט געטון. מערקווירדיק, ווי זיי בייטן זיך ביי איר, די אויגן—פון גראָ ווערן זיי אָפט בלאָ.

—צילקע, אַ ייד, אַ שמש איז געקומען פון מסטיבאָווע, די מומע וואַרט שוין אויף אונז.

איך האָב געשיקט דעם ייד צו איוואַנען, ער זאָל ברענגען די ליניקע.

זי איז צו אים צוגעגאַנגען, צוגעלייגט דעם קאָפּ צו זיין ברוסט און באַלד אויפגעהויבן דעם בליק און אַריינגעקוקט אין סאַשעס אויגן...

עפּעס אַ בלאָע דורכזיכטיקע וועלט, אַ גוטמוטיקע נשמה האָט אַריינגעקוקט אין זיין נשמה און האָט דאָרט אָנגערירט די בעסטע סטרונעס. סאַשע איז צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אַזוי טיף געריירט געוווען, ווי אין דער רגע, דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט...
זי איז דאָך זיינע. ווי אַ קינד האָט זי זיך אים אָפּגעגעבן און פאַר דערדאָזיקער פאַרטרויונג צו אים, וויל ער קיין שלעכטס נישט טון. אין דעראמתן האָט ער זיך געהאַט זיין אָרנטלעכקייט. פיל מאָל האָט ער געטראַכט וועגן דעם, אַז פאַרשמוצן זיינע הענט וויל ער נישט... בלויז אַמאָל-אַמאָל אַביסל נישט אָנשטענדיק גע-ווען, אָבער אויף אַזויפיל, אַז מען זאָל מיט זייף דאָס קאָנען אָפּוואַשן...

צילקע טראַכט אַ רגע, און פרעגט דערנאָך:

—ווילסט טאָקע מיט מיר חתונה האָבן?

—יאָ, קינד, איך האָב עס פעסט באַשלאָסן.

—און וועסט נישט האָבן חרטה?

סאַשען נעמט קלאַפּן דאָס האַרץ פון אַזאַ פראַגע, פון אַזאַ טיף-געצילטע פראַגע, נאָר ער האָט דאָך פריער באַשלאָסן, אַז היינט טאָר ער זיך נישט גריבלען אין דער נשמה. דאָס מוז גע-שען אין שטאָט. אַן ענטפער באַקומט צילקע אַ קוש אין די ליפּן, און דאָס באַרויקט זי.

די ליניקע מיט איוואַנען, מיט דעם יידן פאָרט צו.

אַלע פיר זעצן זיך אויס אויף דער לאַנגער ליניקע און מען פאָרט. נאָענט שטייען ליידיקע פעלדער איינגאַנצן באַגאָסן מיט זון און אַלע פעלדער זענען אַרומגערינגלט מיט וואַלד.

צילקע האָט אַלץ פאַרגעסן. די זון, די ליכטיקייט אַרום ווירקן אויף איר. זי שרייט צום פערד „ניא!” און נעמט עטלע-כע מאָל זינגען. סאַשע רעדט אָפּ מיטן שמש, אַז אין שטעטל

זאָל קיין טומל נישט ווערן. קיינער אויסער די, וואָס מוזן זיין דערביי זאָלן נישט וויסן פון דער חופה.

די ליניִיקע בלייבט שטיין נישט ווייט פון שטעטל. דער שמש גייט דער ערשטער. צילקע מיט סאַשען גייען נאָך. ווי פאַרבלאָנדזשעטע גייען זיי נאָך דעם פרעמדן ייד. צילקען איז שווער צו גיין אין די שיך—אַזוי לאַנג באָרוועס אַרומגעלאָפן.

און דערנאָך זענען זיי געזעסן אין אַן ענגן צימער. דאָרט האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ מנין מענטשן. די מומע האָט אַלץ צו-געגרייט, זי האָט כסדר געזיפצט, נאָר זיפצנדיק האָט זי איינס פאַרשטאַנען, אַז אויב דער סאַשע האָט זי אומגליקלעך געמאַכט, זאָל ער עס איצט פאַרריכטן מיט דער חופה.

דער רב האָט עפּעס אויסגעפרעגט ביי סאַשען און עס פאַר-צייכנט אין אַ גרויסן ספר, דערנאָך האָט מען אויפן הויף אַרויס-געטראָגן אַ שטיק אויסגענייט צייג אונטער פיר דרענגלעך.

מען האָט אים עפּעס געהייסן זאָגן, דערלאַנגט אַ רינגעלע, דערלאַנגט אַ כוס וויין. ווי ערנסט און צוטראָגן ער איז נישט געווען אין יענע מינוטן, האָט זיך אים עטלעכע מאָל געוואָלט לאַכן: וואָס ווילן זיי, די אַלע מענטשן?

נאָר באַלד כאַפּט זיך סאַשע צוריק און טראַכט:

„דאָס איז נייטיק. דאָס איז נייטיק. „נאָך אַ פּאָר מינוט, איך וועל פון זיי פטור ווערן.”

דערנאָך האָבן די אַלע מענטשן גענומען „זשוזשען, ווי זשוקעס:

„מזל-טוב”, „מזל-טוב”, „מזל-טוב!”

צילקע האָט אַזוי נעבעכדיק פאַרלייגט די הענט און גע-קוקט אויפן עולם. די מומע האָט געוויינט און כסדר געקושט צילקען.

צו סאַשען איז צוגעגאַנגען אַ ייד און האָט אָנגעהויבן רעדן:

—די לוריעס, אַ קלייניקייט אַזאַ יחוס!

סאַשע האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַפּירענעם צען-רובל-שטיק און דער ייד האָט זיך אָפּגעטראָגן. באַלד איז צוגעקומען אַ צווייטער.

—אייער פאָטער...

סאַשע האָט דעמדאָזיקן אויך דערלאַנגט אַ מטבע און יע-נער האָט זיך באַלד אָפּגעטראָגן. דער דריטער איז צוגעגאַנגען מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן:

—די כלה האָט זיך גאָרנישט געגנאַרט... כע, כע...

מיטאַמאָל האָבן זיך צו אים אויסגעשטרעקט אַזויפיל הענט. עפּעס אַ שמש און נאָך אַן אונטער-שמש.

—מזל-טוב, מזל-טוב,—און פאַר יעדן מזל-טוב האָט סאַשע געצאָלט. עטלעכע מיידלעך האָבן זיך דערוווסט די גאַנצע גע-שיכטע. אַלץ וואָס קומט פאַר ביים רב. זיי זענען געקומען צו-לויפן, און צילקע איז געשטאַנען אויפן שוועל פון אַ צווייטן צי-מער און עפּעס גערעדט מיט זיי. די מומע האָט זיך געשושקעט מיטן רב און סאַשע איז אויף אַ קורצער צייט געבליבן זיצן אַליין אויף אַן אַלטמאָדישן ווייסן פּאָטעל.

ער איז מיטאַמאָל עפּעס קלענער געוואָרן אין וווקס און אין זיין גאַנצן וועזן. ער האָט אין זיך געשמייכלט: אויסגעדוכט האָט זיך אים, אַז מען האָט אים אָפּגעשמיסן.

פון צימער האָבן זיך אַרויסגערוקט די בערדיקע יידן. ני-כע האָט זיך אויפגעהערט צו שושקען מיטן רב. צילקע האָט אין רעדן מיט די חברטעס אַ לאַך געטון און סאַשע האָט זיך אויפ-געכאַפּט פון זיינע געדאַנקען...

ער איז צוגעגאַנגען צו דער אַלטער ניכע:

—נו, מומע ניכע, איר זאָלט שוין מער נישט וויינען און זייט נישט ברוגז אויף מיר.

האָט זי זיך ערשט פונאַנדערגעוויינט אויף אַן אמת. עס האָט געדויערט עטלעכע מינוט ביז זי האָט זיך באַרויקט.

צילקע האָט שוין אויך געוואָלט נעמען וויינען, זי האָט גע-מיינט, אַז מען באַדאַרף אַזוי. נאָר סאַשע האָט שוין פריער אַרויסגעשיקט דעם שמש, ער זאָל ברענגען איוואַנען מיט דער ליניייקע, וועלכע איז געשטאַנען נישט ווייט פון שטעטל.

זיי זענען אַרויס פון רב, אַרום זענען שוין געשטאַנען פיל נייגעריקע. ווער וואָלט עס געקאָנט איינהאַלטן אַזאַ סוד.

—לוריעס זון האָט חתונה געהאַט מיט איסורס צילקע.

—אַ באָרוועס מיידל האָט חתונה געהאַט מיט דעם „אויס-לענדער".

—ער איז אודאי משוגע געוואָרן.

צילקע האָט אָבער אויך געהאַט פּאַרטיידיקער:

—די שטאָטישע מיידלעך מעגן זיין אַ כּפּרה פאַר איר

—זי איז דאָך אַזוי שיין, ווי אַ בת-מלכּה...

סאַשע האָט זיך געפרייט, ווען די ליניקע האָט זיך שוין גענומען רירן. ער האָט צו די מענטשן גאָרנישט געהאַט. זאָלן זיי טומלען, נאָר אים ווילט זיך זיין וואָס ווייטער פון זיי.

אָט איז שוין פעלד. זיי פאָרן, די מומע ניכע ווישט נאָך אַלץ די אויגן. צילקע האַלט זי צו, זי זאָל נישט אַראָפּפאַלן, און אַליין וויל זי עפּעס פרעגן ביי סאַשען, נאָר זי שעמט זיך. האַלט אָבער נישט אויס און פרעגט יאָ:

—סאַשע, ווען וועט שוין זיין אונזער חתונה?

לאַכט סאַשע, ער פאַרשטייט וואָס זי מיינט: ביי איר הייסט „חתונה" מוזיק מיט טענץ מיט אַ סעודה...

—עס וועט זיין, קינד, שפּעטער, עס וועט זיין.

און איוואַן, דער שאָסיי-וועכטער, וואָס טרייבט דאָס פערד, איוואַן מאָנט אויך זיין חלק:

—באַרין, ווען וועט מען מאַכן אַ שנאַפּס? אַזאַ יום-טוב, אַזאַ שיין מיידל צוגענומען פון אונזער וואַלד.

און דאָס „שיין מיידל" זיצט נישט איין אויף דער ליניקע. דערזעט זי אַ פאַרשפּעטיקט בלימל אין פעלד—שפּרינגט זי אַראָפּ פון דער ליניקע.

זי האָט שוין אַ גאַנצן בוקעט מיט פעלד-בלומען. די פאָר וויאָרסט פליען גיך דורך.

בעת זיי פאָרן אַריין אין וואַלד ברענגט שוין די זון איר לעצט פייער. אין וואַלד אויף די ביימער פאַלן פיל גרויסע אומ-געלומפּערטע פלאַמען און זיי ליגן אויף די ביימער מיט זייערע גסיסה-צונגען.

טונקעלער ווערט. אַלץ טונקעלער. דער אייביקער אָוונט-אומעט גייט מיט זיינע מעלאַנכאָלישע טריט נענטער צום מענטשן

צו... און צילקע האָט איך דערפילט דאָס שווייגעניש פון אַרום, נאָר זי וויל נישט זאָרגן, אפילו קיין רגע נישט.

בעת די ליניקע שטעלט זיך אָפּ לויפט זי צו צו סאָשען און נעמט אים טרייסלען און לאַכן דערביי:

—חתונה געהאַט. האַ, סאַשע, חתונה געהאַט?

סאַשע גלעט איר קאָפּ רויק, פאַרטראַכטערהייט. דער יריד דאָרטן אַרום דער חופּה, האָט אים אַביסל צוטומלט, דאָך איז אים עפּעס יום-טובדיק געווען אויף דער נשמה...

יום-טובדיק און אומעטיק.

און אין יענעם אָוונט זענען די מיידלעך מיט די בחורים אין מסטיבאָווע ביז שפּעט נישט געגאַנגען שלאָפן. עס האָט אַלעמען איבערראַשט און פאַרחלומט דאָס געשעעניש.

—אין ביכלעך דערציילן זיך אַזעלכע מעשיות?

—און וואָס וועט זאָגן דערצו דער שווייגנדיקער איסר?

—און די לוריעס, וואָס וועלן זאָגן?

—זי וועט איצט לעבן אַ טאָג, די צילקע...

—ווער ווייסט?—ס'איז דאָך נישט קיין גלייכער שידוך...

נאָר איין פרויקע האָט זיך פון די אַלע שמועסן באַהאַלטן. ער איז אַרויס פון שטעטל און צוויי מאָל געגאַנגען אויפן וועג צום וואַלד, ווו עס שטייען די דריי הייזער, נאָר ביידע מאָל איז ער דאָרט נישט דערגאַנגען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער איינגעשפּאַנט דעם טאַטנס פערד אין דער בריטשקע און איז אַוועקגעפאָרן קיין וואָלקאָוויסק.

ער איז צוריק נישט געקומען. עס איז אַוועק אַ וואָך צייט. דער אַלטער באַראַש איז אים געפאָרן זוכן און דערגאַנגען איז ער, אַז פרויקע האָט דאָס פערד מיט דער בריטשקע פאַרקויפט, דאָס געלט האָט ער פאַרשיכּורט, און ער שיכּורט נאָך אַלץ. אַהיים וויל ער נישט פאָרן.

—דאָס איז אַלץ צוליב צילקען.—אַזוי האָט מען אין מסטיבאָווע גערעדט.

VII

## מען האַקט דעם וואַלד...

אין די רויקע טעג האָט מען נאָר באַדאַרפט אַביסעלע אָנ־שטרענגען דאָס אויער און עס האָט זיך דייטלעך געהערט, ווי די העק אַרבעטן.

דאָס האָט מען געהאַקט דעם וואַלד. אַלץ נענטער און נענטער.

ביי איסר אין שטוב האָבן שוין אַלע געוווּסט פון דעם, אַז דער וואַלד זייערער האָט געציילטע חדשים... מען האָט גע־וואַרט אויפן הערבסט, דאַן וועלן קומען אַ סך מער אַרבעטער. אין הערבסט זענען די ביימער פעטער און עס איז נוצלעכער זיי אַוועקצולייגן אין דערדאָזיקער צייט.

דער זומער איז אַוועק.

אויב אין וואַלד האָט, ווי פריער, די גרינקייט געהערשט און די רעשטלעך פון די וואַרעמע זומערדיקע לופט־שטראָמען האָבן נאָך פון צייט צו צייט געשוועבט צווישן די ביימער, איז אָבער אין פעלד שוין געווען הערבסט. ווו נאָר אַ בלעטער־בוים איז ערגעץ געשטאַנען האָט שוין די געלקייט פון זיינע בלעטער פון וויטן אָנגעזאָגט: אַז עפּעס שטאַרבט און עפּעס איז שוין גע־שטאָרבן.

אַרום דעם שאַסיי-וועכטערס הייזל איז געווען אַ גערטל מיט עטלעכע ביימלעך קאַלינעס. איצט זענען זיי געבליבן אָפּ-געדעקט, די קנוילן מיט די קאַלינעס, און זיי האָבן גערייצט, גערייצט...

אַרום איז גרין. רעכטס, לינקס פון אַלע זייטן גרינען די סאָסנעס, און אין דעמדאָזיקן טאָל פון גרינס כאַפּט זיך שטיפּע-ריש-פריילעך אַריין די רויטקייט פון די קאַלינעס.

סאַשע האָט ליב געהאַט דאָסדאָזיקע ווינקל. אַ סך מאָל איז ער דאָ געקומען מיט צילקען און אָן צילקען. דאָ פלעגט ער טראַכטן פון זיך און פון דעם וואַלד-מיידל, מיט וועלכן ער איז געווען אין מסטיבאָווע ביים רב.

הייסט עס, אַז ער האָט שוין אַ ווייב. דאָס איז דאָך שוין געשען און דאָך פלעגט ער זיך פיל מאָל אויפכאַפּן און אַ ציטער טון... אפשר, אפשר איז דאָס אַ חלום די גאַנצע געשיכטע?.. אַ שיינער חלום, פון וועלכן דאָס בלוט צינדט זיך אָן, און נאָך וועל-כן מען ליגט לאַנג מיט צוגעמאַכטע אויגן, מיט אַ רויקייט אין דער נשמה...

ניין. עס איז נישט קיין חלום. זאָל ער אַביסל אונטערוואַרטן און זי וועט באַלד אָנקומען, די צילקע. זי וועט זיך אונטערגנבע-נען און אים צודעקן די אויגן מיט די הענט.

— צילקע! — רופט אויס סאַשע.

און זי שווייגט.

נאָכאַמאָל „צילקע"

— יאָ. יאָ, איך, איך...

און דער „איך" קלינגט איבערן גאַנצן וואַלד, איבער דער גאַנצער וועלט. און אין סאַשעס נשמה קלינגט ער אַריין, ווי אַ רוף, ווי אַן אָנזאָג, ווי אַ גוטמוטיקער באַפעל...

אָבער דאָך אַ באַפעל...

ער טאָר אויף לאַנג נישט אַוועקגיין, זי לאָזט אים נישט פאָרן אין שטאָט, פונקט ווי זי וואָלט מורא האָבן, אַז עמיצער זאָל אים דאָרט נישט צונעמען פון איר. זי באַפעלט אים נישט, זי בינדט אים נישט. נאָר אין אַזעלכע מאָמענטן מאַכט זי צו די

ליבן און ס׳דויערט לאַנג ביז זי עפנט זיי. זי איז אויף איר שטיי-גער אַ גרויסע עקשנטע.

אין צוויי זאַכן:

אָדער זי אָרעמט אים כסדר, דעם סאַשען,—קושט און בייסט זיך, אָדער זי שווייגט, ווי אַ יונג סאָסנעלע, שיין, רונד מיט פרישׂ גרינס באַפוצט און שווייגט.

מיט גרויס מי האָט זיך סאַשע אָפּגעבעטן ביי איר אויף אַ טאָג. ער איז געפאָרן קיין סוויסלאָטש צום אַלטן איסר. ער איז געפאָרן זיך פאָרצושטעלן נישט אַלס לוריעס זון, נאָר אַלס אַן איידעם פון דעם זעלבן איסר, וועלכער איז אַ משרת ביי זיין טאַטן.

ער האָט אים געטראָפן אין אַ פריש-אויפגעבויט הייזל אין וואַלד, דערביי זענען געווען נאָך מענטשן. האָט סאַשע אָפּגעוואַרט אַ לענגערע צייט און דערנאָך צוגעטראָטן צום ענין:

—ר׳ איסר, אייך קומט אַ מזל-טוב...

איסר האָט אויפגעהויבן זיין פאַרוואַקסן פנים, האָט אַריינ-געדרוקט עטלעכע פינגער אין באָרד און נאָך אַ סעקונדע שווייגן געפרעגט.

—וואָס?

—מיט אַ וואָך צוריק האָב איך חתונה געהאַט מיט אייער טאָכטער, מיט צילקען.—דער אַלטער איז געבליבן שטיין, ווי אַ צוגע-שמידטער.

—יאָ, חתונה געהאַט ביים רב אין מסטיבאָווע.

—מיט מיין טאָכטער?—האָט איסר אויסגעשריגן...—וואָס? ווי אַזוי? צו וואָס?

—ר׳ איסר, דאָס איז שוין אַ געשעענע זאַך. איך האָב זי ליב, איך האָב זיך צוגעוויינט צו איר. זי איז מיינע, מיין ווייב.

האָט אויסגעדוכט אין דער רגע, אַז איסר האָט אַלץ, אַלץ פאַרשטאַנען. אַלץ וואָס סאַשע האָט גערעדט און וואָס ער האָט נישט גערעדט. ער האָט געשוויגן, איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און געקוקט לאַנג-לאַנג אין וואַלד. צו סאַשען איז ער געשטאַנען מיט דער פּלייצע. און געפילט האָט זיך דעמלט סאַשע זייער נישט היימלעך. אין ביידל איז האַלב פינסטער געווען און דאָס

האָט נאָכמער געווירקט אויף זיין שטימונג.

נאָר אָט גייט ער צו, דער יונגער לוריע, צו זייער אַלטן משרת, און פרעגט אים גוטמוטיק.

—וואָס, עס געפעלט אייך נישט דער שידוך? ר׳ איסר!

אין הארץ האָט איסר דעם סאַשען נישט פיינט געהאַט, כאָטש ער האָט געהערט וועגן אים שלעכטע זאַכן און איצט איז ער געשטאַנען, סאַשע, אַנטקייגן אים מיט אַ גוט אָפן פּנים...

ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט, אַרויסגערעדט: „איך נעם צו דיין מזל-טוב” און זיך פונאַנדערגעוויינט. סאַשע האָט אויפגעציטערט. אַזאַ וויינען פון אַ מאַנספערשוין האָט ער נאָך נישט געזען, פונקט ווי אַ הונדערט-יעריקער בוים האָט זיך גע-בראָכן, אַ שטיין האָט פון זיך אַליין געפּלאַצט... דער גאַנצער קערפּער האָט זיך אים געטרייסלט און גרויסע טרערן זענען גע-לאָפן איבערן פּנים, איבער די האָריקע באַקן.

סאַשע האָט געפילט, אַז ער באַדאַרף אַוועקגיין און ער איז אַוועק בלאָנדזשען אין פרעמדן וואַלד.

בעת ער איז צוריקגעקומען צום הייזל, איז איסר צו אים צוגעגאַנגען און שווייגנדיק אַ קוש געטון. דערנאָך האָט ער ביי אים געפרעגט:

—און דיינע עלטערן ווייסן שוין פון דעם?

—נאָך נישט, די טעג וועלן זיי שוין וויסן. איך שרייב צו זיי.

—צי וועט עס דיין טאַטן געפעלן ווערן?

האָט סאַשע געענטפערט:

—מיין טאַטע האַנדלט מיט וועלדער...

—איז וואָס?

—איז גאָרנישט. מיר וועלן שוין דורכקומען.

צוריק איז סאַשע געפאָרן מיט איסרן, וועלכער האָט נאָר אויף איין טאָג געהאַט צייט זיך אָפּצורייסן פון טווישלאָטש קיין פּרודנע.

געפאָרן זענען זיי און אַ גאַנצן וועג געשוויגן.

איסר, דער ייד, וואָס האָט אַ לעבן אָפּגעלעבט אין די

וועלדער און האָט זיך אויסגעלערנט פון די ביימער שווייגן; ביי וועלכן די פרוי איז געשטאָרבן אַ יאָר נאָך זיין חתונה און האָט מיט זיך אין קבר מיטגענומען זיין גליק און האָפנונג; אַ מענטש איז ער געווען, וואָס האָט שטענדיק מורא געהאַט, אַז אַנדערע זאָלן אים נישט צווינגען צו רעדן...

און סאַשע...

ער פלעגט זעלטן ווען אַריינקוקן אַ צווייטן מענטש אין דער נשמה, נאָר וועגן איסרן האָט ער איצט געטראַכט די גאַנצע צייט פון זייער פאָרן. ער איז זיכער געווען, אַז דער אַלטער וועט בלויז מיט אַ וואָרט אָפּקומען און דערפאַר האָט ער מיט אים קיין שמועס נישט פאַרפירט. ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, צי דער אַלטער בייזערט זיך, צי ער איז כאָטש אַביסל צופרידן מיט דעם געשעעניש.

דאָס פערדל איז געלאָפן איבער די ליידיקע פעלדער. די לעצטע קאַרטאָפל האָבן פאַרשפעטיקטע פויערים אויסגעגראָבן, אין די איבערגעבריבענע קרויט-פעלדער האָבן קראָען עפּעס געזוכט... עס איז געווען אַ גרויסע ליידיקע וועלט אַרום, און די גרויסע ליידיקייט האָט זיך אין האַרץ צולייגט אַזוי ברייטלעך און אַזוי פּוסט...

דער וועג האָט זיך לאַנג געצויגן. ווען איין מענטש שווייגט פאַר זיך, אין זיך, איז אים דאָס פיל לייכטער, ווי צו שווייגן באַנאַנד. אַביסל צופרידן איז דאָך סאַשע געווען, וואָס ער איז געפאָרן קיין סוויסלאָטש. „איך האָב דערפילט אַ פליכט"—האָט ער זיך געטראַכט און אויסגעדוכט האָט זיך אים, אַז ער איז איצט געוואָרן אַ „מענטש פון פליכטן" פאַר איסרן, פאַר דער מומע ניכע, פאַר אַלע מענטשן האָט ער איצט פליכטן. און ער האַלט זיך אויס, גייט נישט אַרויס פון טאָן, קוקט אַלעמען גלייך אין די אויגן... און אין דער אמתן, אין דער אמתן...

ער וויל נישט טראַכטן, ער וויל זיך אַליין נישט מודה זיין, אַז צו דעם אַלעם באַדאַרף ער זיך שטאַרק אָנשטרענגען.

ווען איסר איז געקומען אַהיים איז צילקע אים אויפן האַלדז אַרויפגעפאַלן און געקושט זיך מיטן טאַטן—פריער פלעגן זיי זיך

שווייגנדיק באַגעגנען. די מומע ניכע האָט געווישט די אויגן, ווען איסר האָט צו איר געזאָגט:

—זאָל זיין מיט גליק, ניכע, אַזוי איז דאָך באַשערט געווען,— און דערנאָך איז ער אַוועק מיט ניכען צווישן די ביימער. האָט אַלץ אויסגעהערט און אויף אַלץ געענטפערט מיט קורצע פראַזן, פון צייט צו צייט אַ זיפץ געטון.

—באַשערט, באַשערט. אַזוי איז עס באַשערט.

—און וואָס וועט אויף דעם זאָגן לוריע, ווען ער וועט קומען פון אויסלאַנד?

צו אַלע זיינע זאָרגן איז אים נאָך איין זאָרג צוגעקומען. עס האָט אים שטאַרק געקימערט פאַרן אַלטן לוריע, ער האָט זיך עפּעס שולדיק געפילט געגן זיין בעל-הבית.

פאַר דעם מעת-לעת, וואָס איסר איז געווען אינדערהיים האָט מען זיך פון אים דערוווּסט, אַז דעם היגן וואַלד וועט מען דעם אָנקומענדיקן הערבסט אינגאַנצן אַוועקלייגן און אויך דעם סוויסלאָטשער וואַלד וועט מען אויסהאַקן, אַזוי אַז עס בלייבט אים איבער זיך צו באַזעצן אין מסטיבאָווע מיט דער מומע ניכע...

—און די „קינדער" וועלן פאַרן קיין גראָדנע, — האָט די מומע ניכע אַרויסגערעדט.

סאַשע האָט אין זיך אַ שמייכל געטון. מיטאַמאָל איז ער געוואָרן אַ „קינד". און צילקע האָט אויפגעציטערט: „קיין גראָדנע, קיין גראָדנע, צווישן פרעמדע." זי האָט פאַרביסן די ליפּן און שיער זיך נישט פונאַנדערגעוויינט.

איז סאַשע צוגעקומען צו איר און זי גענומען באַרויקן:

—עס וועט דיר דאָרט זיין גוט, אייביק קאָן מען דאָך נישט לעבן אין וואַלד.

—מען קאָן יאָ, מען קאָן יאָ, איך באַדאַרף נישט קיין פרעמדע מענטשן.

זי איז אָבער געווען אַביסל אויפגעמונטערט און נייגעריק פון דעם נייעם לעבן, וואָס איר שטייט פאָר. נאָך איסרס אַוועק-פאָרן, האָט זי אָבער אָפּט געבעטן ביי סאַשען, ער זאָל נאָך אָפּ-וואַרטן מיטן פאָרן אין שטאָט. עס האָט זיך איר נישט געוואָלט

פאַרלאָזן דעם וואַלד, וועלכן מען וועט דאָך איינגיכן אויסהאַקן.. „האַרר", האַרר"...

פון ווייטן הערט מען ס'פאַר אַן אַרבעט עס גייט דאָרט. צענדליקער העק האַקן די ביימער, און מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ גערויש, אַ קרעכץ,—דאָס האָט מען אַוועקגעלייגט אַ בוים, אַן אַלטן תּושב פון וואַלד. אַלץ נענטער, אַלץ דייטלעכער הערט זיך דער אומבאַקאַנטער טומל, די אומבאַקאַנטע עכאָס...

און וואָס נענטער דער טומל פון די האָלץ-העקער איז צוגעקומען צו איסר'ס שטוב, אַלץ עפטער פלעגט סאַשע מיט צילקען אַוועקגיין צו יענעם אָרט, וווּ מען לייגט אַוועק די ביימער.

אַ גרויס שלאַכט-פעלד איז געוואָרן דער וואַלד. צענדליקער פויערים זענען דאָרט אַרומגעקראָכן ביז די קני פון די אַלטע ביימער און מיט שאַרפע העק אויסגעהאַקט „וווּנדן" ביי יעדן בוים, צו וועלכן זיי האָבן זיך גענומען. ווי די קאַרליקעס האָבן זיי זיך געפּאָרעט. דערנאָך, ווען אַ בוים האָט שוין געהאַט דורכגעהאַקטע קנאָכן פלעגט מען אים קונציק אַ טרייסל טון און אַליין שפּרינגען זיי פלינק אָפּ, די אַלע פויערים — דער בוים קאָן נאָך זיין לעצטע נקמה נעמען.

עס איז געווען פרייליך און טרויעריק צו קוקן אויף דער אַרבעט: אָט שטייט די סאָסנע שטאָלץ און רויק. הונדערט יאָר האָט זי זיך געצויגן צום הימל, העכער, העכער און אין דער ערד האָט זי פאַרזעצט אַלץ טיפערע וואָרצלען. ווי אַ גאָלדענער ספינקס איינגעדעקט אין אַ גרינעם מאַנטל איז זי דורות אָפּגעשטאַנען, און איצט נאָך, אין דער לעצטער רגע פון איר שווייגעדיק לעבן, איז זי פול מיט שיינקייט און זיכערקייט. איר קני איז שוין אונטערגעהאַקט, אָבער זי אַליין האָט איר קאָפּ אַריבערגעשטיגן איבער אַ סך אַנדערע ביימער...

צו דער זון, צו דער קילער זון פון פריהיקן הערבסט האָט זי אויפגעהויבן איר קאָפּ און באָדט זיך אין ליכטיקייט. פּלוצלונג נעמט זי זיך טרייסלען און די צווייגן-אָרעמס צעצאַפּלען זיך און נעמען זיך מיטטרייסלען. זיי פּלאָנטערן זיך אויס די צווייגן און ווי צעשראָקענע הענט ווילן זיי איינהאַלטן דעם בוים — דעם

קערפער. נאָר באַלד נאָכן ערשטן טרייסל קומט דער שרעקלעכער
פאַל. דער בוים ציט זיך אויס, מיט אימפעט גיט ער אַ פאַל און
צעברעכט פאַלנדיק פיל פון זיינע צווייגן-אָרעמס. בלייבט ער אַזוי
ליגן אַ וואָך, צוויי וואָכן, ביז זיינע גרינע נאָדלען באַקומען דעם
זשאַווער-קאָליר — מער פייכקייט וועלן שוין די נאָדלען נישט אַרויס-
ציען פון אים. דעמלט גייט מען צו צו אים און מיט שאַרפע
העק האַקט מען אַראָפּ אַלע זיינע הענט. עס בלייבט אַ רונדער,
אַ לאַנגער סקעלעט. פון די וווּנדן, פון די סענקעס טריפן טראָפּנס
פעכיק בלוט, אַ קליינע מוראַשקע קלעפּט זיך דאָרט איין די פיס-
לעך און קאָן זיך נישט ראַטעווען.

און דאָרט ווייטער אַרבעטן פלייסיק די פויערים
„האַרר“, „האַרר“...

די העק האָבן אַ שלעכט און טעמפּ קול, דאָס ווידערקול
פון וואַלד נעמט זיי אויף מיט פאַרטאָפּלטער בייזקייט:

ווערלדער, היט זיך! די סכנה איז גרויס! מענטשן שאַרפן
אַלץ מער העק פאַר אייך!

אַ שטיק וואַלד איז ווידער אָפּגערוימט געוואָרן. פאַר דער
זון האָט זיך געעפנט אַ נייער פלאַץ, און אויף דעם באַפרייטן
שטיק ערד איז עפּעס די ליכט ליכטיקער, די לופט—לופטיקער.
די שטראַלן האָבן דערלעבט נקמה, ביז איצט האָבן די שאָטנס
זיי געשטערט צו פאַרגרעסערן די הערשאַפט פון דער זון...

— סאַשע, זיי קומען אַלץ נענטער צו אונז, די האָלץ-
העקערס.

—וועלן מיר פאָרן אין שטאָט, צילקע.

ווערט זי שווייגעדיק, און אַזוי מיטן שווייגן פלאָנטערן זיי
זיך צווישן די אַנידערגעלייגטע ביימער, זיי רעדן מיט די האָלץ-
העקער. פלוצלונג שרייט מען צו זיי, זיי זאָלן אָפּלויפן אַביסל
ווייטער. אַ בוים, אַ גרויסער בוים גייט זיך אויסציען אויף דר׳ערד.
מאַכט וועג!

נאָר דער בוים פאַלט אַביסל אין דער זייט און פאַרטשע-
פעט זיך ביי אַ צווייטן בוים, בלייבט ער שטיין אָנגעשפּאַרט אויף
זיין חבר. עס דוכט זיך אויס דעמלט, אַז ער האָט די הענט

פארלייגט אויפן קאפ און וויינט, וויינט...

די ריחות פון וואלד, פון פרישן איינגעזויגטן האלץ מישן זיך אויס מיט דעם אנגעוואַרעמטן הערבסט-ווינטל. עס מונטערט די נשמה, כאָטש יעדע רגע כאַפּט זיך טרויערן פון אַן אומבאַ-וווסטער סיבה.

און דאס וואס מען האקט אויס דעם וואלד, וואס דאס הערבסט-ווינטל ווערט אלץ קילער, און דאס וואס סאשע האט אזוי שטאַרק אָנגעהויבן רעדן וועגן שטאָט, וועגן פאָרן — דאס אלץ לייגט אַ שטיק אומעט אויף צילקעס נשמה. אַ סך מאָל גייען זיי שווייגנדיק צוריק פון דעם אָרט, ווו מען האקט דעם וואלד. צוערשט איז סאשע צופרידן, וואס זי שווייגט. זי לאָזט אים צורו און ער קאָן זיך טראַכטן. ער האט אזוי ליב געקריגן די לעצטע צייט צו זיין מיט זיך, אריין אין זיך, דערמאָנען די אַלט טעג, ווען ער איז געווען און ווען ער האט געקאָנט זיין אליין...

אויף אַ פעלז אַרויפקריכן אין די בערג און מיטנעמען בלויז איין נשמה — זיין אייגענע און ווי אַ שפּיזל אין איר אַריינקוקן. איצט...

דאס שווייגן געדויערט שוין צו לאנג, צילקע האט שוין דעם פינגער אַריינגערוקט אין מויל און דאס איז אַ סימן, אַז זי איז מיט עפּעס נישט צופרידן.

— צילקע!

זי ענטפערט נישט, וויל ער זי אַרומנעמען — רייסט זי זיך אַרויס און אַנטלויפט. און בעת ער כאַפּט זי, וויל זי לאנג נישט ענטפערן.

— פאַרוואס ביסטו בייז, צילקע!

— ווייל דו שווייגסט, פאַרוואס שווייגסטו?

— קינד, איך האב זיך פאַרטראַכט.

— פון וואס טראַכסטו?

עס ווערט סאשען אזוי נישט היימלעך פון דערדאָזיקער אויספאָרשונג. נאָר ער וויל נישט און ער וועט עס נישט אַרויס-ווייזן. ער וויל זי באַרויקן.

— פון וואס? — פרעגט נייגעריק סאשע.

—האָסט אַמאָל אודאי אַן אַנדערע ליב געהאַט!— שוין נישט צום ערשטן מאָל דערמאַנט זי דאָס. „אַלע פרויען זענען די זעלבע"— טראַכט ער אַזוי און בייזערט זיך אין זיך. נאָר ער באַהערשט זיך אינגאַנצן און טוליעט זי צו זיך.

—איך שווייג דאָך שוין נישט... זעסט, הערסט, איך שווייג נישט!—און נעמט זינגען לערמאָנטאָווס ליד:

עפנט אויף פאַר מיר די תּפיסה,<br>
גיט די ליכט מיר, פונם טאָג<br>
אַ שוואַרצאויגנדיקעס מיידל,<br>
אַ פלינק-לויפנדיקעס פערד.<br>
אויף דעם פערד, אַך, לאָזט מיך רייטן<br>
איבער באַרג און איבער טאָל,<br>
אויף דער פרייהייט, אויף דער פרעמדער<br>
לאָזט אַ קוק טאָן מיר אַמאָל.

ער זינגט זאַפטיק, מיט קראַפט און מיט אַביסל אויפרעגונג, דער גאַנצער וואַלד פאַרוואונדערט זיך, דער עכאָ באַוויזט נישט אַלץ צו ווידערהאָלן.

און צילקע ווערט גאָר אַן אַנדערע, זי עפנט ברייטער די אויגן. סאַשע זעט, אַז עס געפעלט איר, זינגט ער ווידער:

גיט אַ פּאַלאַץ מיר אַ הויכן<br>
מיט אַ גאָרטן אַלט-געפלאַנצט—<br>
אין זיין שאָטן אין זיין ברייטן<br>
זאָלן ווייַנטרויבן מיר זיין.<br>
און פאָנטאַנען זאָלן שפּריצן<br>
אין אַ זאַל פון ווייסן שטיין....

—וואָס עס געפעלט דיר?

—יאָ...

—ווערסט קומען אין שטאָט, צו אונז אין שטוב, וועל איך פאַר דיר שפּילן און זינגען.

—און אין שטאָט ווערסטו צו קיין אַנדערע מענטשן נישט אַוועקגיין? האַ!

אַ קורץ שווייגן. סאַשע געפינט נישט קיין ענטפער, עס

פאַרדריסט אים, וואָס ער מוז אַלץ נאָכגעבן. מיט דידאָזיקע פראַגן שטעלט זי אים באַדינגונגען און דאָס האָט ער קיינמאָל נישט ליב געהאַט. נאָר זי איז אים טייער און פון איר טרויער ווערט אים אַזוי שווער. דריקט ער זי צו זיך און מורמלט גוטמוטיק:

— יאָ, איך וועל שטענדיק זיין מיט דיר, שטענדיק, שטענדיק.

די זון פאַרגייט שוין איצט אַ סך פריער. יעדן טאָג שטאַרבט זי מיט רויטע פייערן, וועלכע לעשן זיך זייער גיך. סאַשע מיט צילקען קומען אַהיים, ווו די מומע ניכע זאָרגט שוין פאַר זיי, גרייט צו דאָס עסן.

„פאַר די קינדער"...

זי האָט איצט אַ סך אַרבעט, די מומע ניכע: פאַר צילקען האָט מען גענייט אין מסטיבאָווע עטלעכע נייע קליידלעך, אַביסל וועש און שיך. צוליב דעם אַלץ איז זי צוויי מאָל אַ טאָג געלאָפן אין שטעטל, זי האָט אָנגעהויבן גלייבן, אַז אַלץ וועט גוט זיין. האָט ער דאָך, דער סאַשע, געשטעלט אַ חופה, פאָרט ער דאָך נישט אַוועק פון דאַנעט און פאָלגט צילקען אין אַלע קלייניקייטן... אויב אַזוי וועט ווייטער גיין, וועט דאָס דאָך זיין אַ גרויס גליק פאַר דער יתומה... און זי אַרבעט איצט מיט גרויס פלייסיקייט, גרייט צו דאָס בעסטע עסן „פאַר די קינדער".

און אין דער זעלבער צייט באַדאַרף מען זיך שוין נעמען גרייטן אַרויסצופאָרן קיין מסטיבאָווע. איטר האָט געדונגען ביים סטאַראָסטע באַראַש אַ האַלבע שטוב און דאָרט וועלן זיי איצט לעבן: איסר און די מומע ניכע. זי וועט איצט זיין אַליין. צילקעס געלעכטער און צילקעס ליכטיק פנים וועט איצט פאַרשווינדן ערגעץ אין שטאָט, דאָרטן ביי די לוריעס.

עטלעכע מאָל איז זי שוין געווען ביי איוואַנען דעם שאָסיי־וועכטער און גערעדט מיט אים, ער זאָל איר העלפן שפּעטער, ווען די „קינדער" וועלן אַוועקפאָרן, ער זאָל העלפן זיך אַריבערציען קיין מסטיבאָווע.

איוואַן האָט צוגעזאָגט. דערביי האָט ער געשמייכלט, דער איוואַן:

— אַזאַ צילקע, גענומען חתונה געהאַט — און מיט וועמען?

מיט לוריעס זון, אַ מיליאָנערס אַ זון... אַזאַ צילקע.

—זאָלן זיי נאָר זיין גליקלעך,—האָט זיך די מומע געבעטן זי האָט מורא געהאַט פאַר אַן עין-הרע.

—און אין וואַלד וועט ווערן ליידיק,—האָט זי צוגעגעבן.

—וואָס וואַלד? עס וועט שוין קיין וואַלד מער נישט זיין, מען וועט אַלץ אויסהאַקן, דאָס טייכל וועט שטיין נאַקעט, דער שאָסיי—נאַקעט, און מיין הייזל וועט אויך מער קיין שאָטן נישט האָבן.

זי האָט געוואָרט, אַז די „קינדער" זאָלן שוין זאָגן ווען זיי וועלן פאָרן. זי מוז זיך שוין נעמען גרייטן צום ווינטער אין מסטיבאָווע.

נאָר די „קינדער" האָבן אַלץ אָפּגעלייגט. טעג האָבן זיך געצויגן שיינע, ליכטיקע, קיין וואָלקנדל איז נישט געווען צו זען. נאָר דאָס טייכל אַרום איסרס הויז איז איצט אַזוי אָרעם געווען אין וואַסער, עס האָט אויסגעזען ווי אַ לאַנגער שטראָל-ווייסער ליילעך מיט גרויסע לעכער. דאָס האָבן די שטיינער און פאַר-פוילטע וואַלד-וואָרצלען אַרויסגעקוקט און די שטראָמען וואַסער האָבן זיך שטאַרק געאיילט, נישט געוואָלט דאָ בלייבן אויף ווינטער.

„ביז עס וועלן זיך אָנהייבן די רעגנס". אַזוי האָבן זיי אָפּגערעדט, צילקע מיט סאָשען, און דאַן ווען די רעגנס וועלן זיך אָנהייבן וועט זי אָנטון איר נײַ קליידל און די נייע שיך און זיי וועלן פאָרן אין שטאָט.

דערווייל איז יעדע פאַר טעג אין שטאָט געפאָרן שלמה פון גוראַלניע. סאָשע פלעגט אים שיקן נאָך פאַרשידענע זאַכן. ער פלעגט אים ברענגען פון דאָרט פּאַפּיראָסן, ציגאַרן און נאַש-וואַרג פאַר צילקען.

סאָשע האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך אַ „פליכט". ער באַדאַרף שרייבן צו „זיינע" אין אויסלאַנד און זיי דערציילן, וואָס דאָ איז מיט אים פאָרגעקומען. און ער האָט אָנגעשריבן אַ קורצן, קלאָרן בריף וועגן זיין חתונה.

אין אַ וואָך אַרום אין אָנגעקומען אַן ענטפער. דער אַלטער לוריע איז גאָרנישט אומצופריזן געווען מיט דעם גאַנצן „ענין".

„איך גלייב", — האָט ער געשריבן צו סאַשען, — „אַז איצט וועסטו שוין ווערן אַ מענטש און אַלץ וועט גוט זיין". — די מאַמע האָט בלויז צוגעשריבן צוויי ווערטער: „מזל-טוב".

די מאַמע בלאָזט זיך... זאָל זיין אַזוי.

ער איז געווען צופרידן און רויק, וואָס „זיינע" ווייסן שוין וועגן אַלץ. און ווען צילקע איז צוגעקומען האָט ער איר געוויזן דעם בריף...

— פאַרוואָס שרייבט דיין מאַמע בלויז דעם „מזל-טוב." זי מוז זיין אַ שלעכטע. איך וועל נישט פאָרן אין שטאָט צו זיי, איך וועל נישט פאָרן פון דאַנעט...

און סאַשען האָט אַ סך מי געקאָסט איידער ער האָט זי בארויקט, ער האָט געמוזט זאָגן אַ ליגן, אַז ביי דער מאַמען זיינער ציטערן די הענט און זי קאָן קיין סך נישט שרייבן.

נאָר דאָס זענען געווען בלויז קורצע רגעס פון קאַפריז און עקשנות. בלויז קורצע רגעס... זי האָט, ווי פריער געטראָגן איר ליכטיק פנים און באַלויכטן מיט אים פיל פאַרשאָטנטע ווינ-קעלעך אין וואַלד און סאַשעס נשמה. זי איז געווען יינגער פאַר אַלעמען אין וואַלד. אויף יעדן האָט זי געקוקט ווי אויף אַזעל-כן, וואָס באַדאַרף צו איר גוט זיין, ווייל זי האָט דאָך אָפּגע-לעבט אַ לעבן אין וואַלד אָן אַ מאַמען מיט אַ שווייגנדיקן טאַטן. און קוים איז געקומען אַזעלכער, וואָס האָט זי צוגעטוליעט צו זיך און צום לעבן אויפגעוועקט איר קערפּער און איר נשמה, האָט זי צו אים זיך אַלץ מער צוגעבונדן. אַלץ מער טרייהייט און קושן פאַרלאַנגט.

סאַשע האָט נישט געקאַרגט קיין צערטלעכקייטן, כאָטש פיל מאָל האָט זיך אים שוין געוואָלט אַרויסגיין פון וואַלד, אַוועקגיין קיין גראָדנע און זיין פריי ווי ביז איצט. און אין דערזעלבער צייט האָט ער געפילט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, זי איז אים אין האַרצן אַריין, די הענט אירע האָבן אים געהאַלטן. די ליכטיקע, גלייביקע אויגן אירע האָבן אים אומעטום באַגלייט און אויסער דעם...

די פליכטן, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך. ער האָט דאָך

באַוּלאָסן אַ „מענטש” צו ווערן, ער האָט דאָך גענומען אויף זיך אַזאַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

ווער ווייסט ווי זיינע געדאַנקען וואָלטן אים נישט פאַר־פירט? צילקע האָט אים אָבער קיינמאָל נישט געלאָזט טראַכטן, פונקט ווי זי וואָלט פילן, אַז דאָס איז פאַר איר נישט גוט.

שטענדיק שפּרינגט זי אונטער, דערלאַנגט אים אַ טרייסל, אַ קוש, אַ ביס און קוקט אים אַריין אין די אויגן:

—וואָס האָסטו געטראַכט? אַלצדינג זאָג אויס!

—איך האָב געטראַכט וועגן דיר, אַז אין גראָדנע וועל איך דיך שיין אָנטון...

—און קיינמאָל וועל איך שוין מער באָרוועס נישט אַרומלויפן?

—און דאָס טייכל... ווען מען וואָלט כאָטש קאָנען דאָס טייכל מיטנעמען אין שטאָט אַריין.

סאַשע רופט זיך אָפּ:

—הער זיך איין, צילקע!

—וואָס?

—דו דאַרפסט זיך לאָזן לערנען. איך בין עלטער פאַר דיר.

—און פונדעסטוועגן קוש איך זיך בעסער פאַר דיר.

אויף אַזאַ ענטפער ריכט זיך נישט סאַשע און ער שטעלט אָן אויף איר אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן; וויפל העזה און דרייסט־קייט עס לעבט אין דער נאַאיווער צילקע.

און איידער וואָס... זי האַלט אים שוין אין אַרומנעמען און רייצט זיך מיט אים, שטעלט צו די ליפּן צו זיינע און כאַפּט זיי באַלד צוריק, קעצלט זיך מיט אים אַ שטיק צייט און לויפט אַוועק. לויפט אַריין אין שטוב: פון מסטיבאָווע איז אַ שניידערין געקומען.

סאַשע בלייבט אַליין. „פונדעסטוועגן קוש איך זיך בעסער פאַר דיר” — אַזוי האָט זי געזאָגט. און זי איז טאַקע גערעכט. ער דערמאָנט זיך די נעכט זייערע.

זי שלאָפט שוין כסדר ביי אים אין „זיין שטוב”. זי איז שעמעוודיק און דרייסט אינאיינעם. אין דער פינסטער וואַרפט זי

אראָפּ דאָס קליידל פון זיך און זוכט מיט די הענט סאַשעס קאָפּ, זיינע ליפּן.

—מיינער, מיין סאַשע...

—דיינער, צילקע!

דערלאַנגט זי אים אַ ביס אַזוי, אַז סאַשע שפּרינגט אויף און בייזערט זיך גוטמוטיק.

—האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז דו ביסט מיינער?

—נו איז וואָס?

—מעג איך דיר דאָך בייסן.

אַ שטיק אומרויק פייער אָרעמט אים אַרום, גלעט אים, קושט אים, עס נעמט צו ביי אים אַלע געדאַנקען, אַלע געפילן, פון דעם וואַלדס-טיפעניש איז זי געקומען. די לאַנגע זומערן און ווינטערן האָבן אויסגעטאָקט לאַנגזאַם אירע גלידער, ווי די צווייגן זענען שטייף אירע אָרעמס. פון די האָר שמעקט מיט פעך... און די ציין זענען שאַרף, די ליפּן בריען, דער גאַנצער קערפּער אירער פלאַמט...

פיל מאָל, ווען סאַשע כאַפּט זיך אויף באַגינען און דורכן פענסטער קוקט שוין אַריין אַביסל ליכט, דערזעט ער צילקען, ווי זי שלאָפט רויק לעם אים און אויף דער גאַנצער קישן זענען צוּוואָרפן אירע האָר, ווי אַ פעלכל פון אַ חיה...

און אַ שטאָלץ, אַ געוואַלדיקע באַפרידיקונג פילט ער דאַן. ער גלייבט אין אַזעלכע מינוטן, אַז ער איז צוגעגאַנגען צום אמתן לעבן און דאָס לעבן איז צו אים צוגעגאַנגען.

מיט גוטע אויגן קוקט ער אויף איר.

ווערט זי אויף אַ רגע אומרויק אין שלאָף. שטרעקט זי אויס די הענט און זוכט עפּעס, זוכט און געפינט אירע אייגענע קנוילן האָר, פלעכט זיך איין אין זיי און שלאָפט ווייטער.

ווילד און יונג, נאַאיוו און דרייסט, אָט טראַכט ער, אַז ער וועט קומען אין שטאָט, וועט ער זען מיט איר אַביסל לער-נען און באַלד פאַרדריסט אים. דאָס חיהלע געפעלט אים אַזוי ווי זי איז, נישט קיין דרעסירטע.

אַ סך מאָל גנבעט ער זיך אַרויס פאַרטאָג פון צימער און

גייט אַרויס אין וואַלד אַריין, צום טייכל, צו דער צווילינג-סאָס-נע, ווו צילקע האָט אַזוי ליב צו זיצן.

ער רייכערט און קוקט אויף די פּאַרטרויערטעביימער. ער-געץ ווייט אין וואַלד הילכט אָפּ אַ שאָס און ער דערמאָנט זיך, סאַשע, אַז איצט הייבט זיך אָן די צייט פון יאַגד און ער איז שטאַרק מקנא די מענטשן, וואָס נעמען אַ ביקס אויף דער פּלייצע און גייען אין וואַלד אַוועק...

„אַזאַ לעבן איז גוט." ער פאַנטאַזירט, מאָלט זיך אויס אין די געדאַנקען אַ גאַנצע אידיליע און גיט באַלד צו זיך אַליין אַ שמייכל: „לאַנגווייליק".

ווען ער קומט צוריק צו די דריי הייזער באַמערקט ער, אַז אויך די מומע ניכע האָט שוין געמאַכט טאָג. זי טראָגט אַ צעבער אין שטאַל צו דער בהמה. דאָס קליידל הענגט אויף אי-רע אַלטע ביינער אַזוי אומגעלומפּערט, דער קאָפּ — אָן דעם שייטל, און זי זעט אויס עלטער, רחמנותדיקער... באַמערקט זי סאַשען. פאַרשעמט זי זיך און אײַלט גיכער אין שטאַל אַריין, ווייל זי גייט אָן אַ שייטל און פון שטאַל שרייט זי אַרויס:

— סאַשע, דאָס קינד שלאָפט נאָך?

— יאָ, מומע ניכע...

— אַי סאַשע, סאַשע! — זי זיפצט פון שטאַל אַרויס.

— וואָס זיפצט איר, ניכע?

— איר וועט מוזן בײדע אין שטאָט פאָרן, עס ווערט שוין קעלטער. האָסט ביי מיר צילקען צוגענומען און איצט האָב איך שוין קיינעם נישט...

פאַלט אים איין אַ גוטער געדאַנק:

— פאָרט מיט אונז, מומע ניכע! אייך וועט ביי אונז נישט שלעכט זיין און אויך צילקען וועט עס פרייען.

— ניין, סאַשעלע, איך וועל שוין אַריבערטרייבן מיין ביסל יאָרן אין מסטיבאָווע, איך וועל צוגרייטן כאַר איסרן אַ שטוב, זאָל ער האָבן ווו זיך אויסצורוען אַמאָל... ניין, סאַשעלע!

דאָס גאַנצע געשפּרעך ווערט געפירט אַזוי, אַז סאַשע זעט נישט ניכען, זי איז אין שטאַל און ער ווייסט, כל-זמן ער וועט

נישט אַוועקגיין, וועט זי פֿון שטאָל נישט אַרויס.

גייט ער אַוועק צום טײַכל און טראַכט און לאַכט אין זיך: די מומע האָט אַזוי קאָמיש אויסגעזען, און דידאָזיקע אַלטע, וואָס האָט אויסגעזען אַן שייטל, ווי אַן אָפּגעפּליקטע קאַטשקע רופֿט אים „סאַשעלע״. ער איז געשטאַנען בײַם טײַכל און געשמייכלט.

צו די קאַלטע צופּליקטע וואַסערן, וועלכע האָבן זיך געמאַכט אַ וועג דורך די שטיינער און אַלטע וואָרצלען.

די געדאַנקען זענען שיער נישט אַוועקגעגאַנגען אויף אַן אומעטיקן וועג. נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט צילקען איבערגעלאָזט אויפֿן בעט איינגעפּלאָכטן אין אירע אייגענע האָר. האָט עס אים אַ ציִ געטאָן צוריק אין שטוב.

זי איז נאָך געשלאָפֿן. האָט ער גענומען זינגען:

עפֿנט אויף פֿאַר מיר די תּפֿיסה —

גיט די ליכט מיר פֿונם טאָג...

נאָר אָנשטאָט די תּפֿיסה האָבן זיך געעפֿנט צילקעס אויגן. די האָר האָבן פֿאַרשאָטן איר פּנים. האָט זי זיי לאַנגזאַם אָפּגעשאַרט און די צוויי פֿריילעכע קוקערס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף סאַשען.

ניין, נאָר אויף די בילדער מאָלט מען אַזעלכע פֿרויען און מען רופֿט זיי אָן מיט פֿאַרשידענע לעגענדאַרישע נעמען...

— סאַשע, זאָגט זי, — מיר האָט זיך געחלומט, אַז דו ביסט פּרויקע...

פּרויקע... ווידער פּרויקע. וויפֿל מאָל האָט זי שוין דערמאָנט זיין נאָמען. און סאַשע פֿילט, אַז דאָס נעמט אים פֿאַרדריסן, נאָר ער מאַכט זיך נישט וויסנדיק.

ער גייט צו צו איר און נעמט זיך מיט איר שפּילן. איצט איז אין צימער ליכטיק און די אָרעמס לײַכטן ווי שטיקער זון, די יונגע בריסטן באַהאַלטן זיך.

זי עפֿנט די אויגן און קוקט אויף סאַשען, ווי זי וואָלט אים צום ערשטן מאָל זען... און ער קוקט אויף איר, קוקט איר אין דער נשמה אַרײַן.

— וואָס, וואָס, סאַשע? וואָס קוקסטו אַזוי?

—גאָרנישט... גאָר...

און אין דעם גאָרנישט איז אַלץ... פון דעם גאָרנישט פלעכטן זיך זייערע אָרעמס צונויף און זיינע ציין קלאַמערן זיך צו צו אירע ציין...

דער וואַלד אָטעמט אָפּ...

און דערנאָך, אין לאַנגע רגעס אַרום, קומט פאָר צווישן זיי אַזאַ געשפּרעך:

צילקע זאָגט:

—סאַשע, לאָמיר נישט פאָרן אין שטאָט, איך האָב פאַר עפּעס מורא.

—קינד, איך וועל דאָך זיין מיט דיר, וואָס האָסטו מורא צו האָבן?

—סאַשע, דעם וואַלד וועט מען אויסהאַקן, וועלן מיר אַוועקפאָרן אין אַ צווייטן וואַלד און אַז מיר וועלן האָבן אַ קינד, וועלן מיר עס לאָזן לעבן, ווי אַ וועוועריק, עס וועט קריכן אויף די ביימער, עס וועט פריילעך קוויטשען... סאַשע, סאַשע, לאָמיר נישט פאָרן אין שטאָט...

—ביסט נאָך אַ קינד און האָסט קינדערשע געדאַנקען...

—אָי, איך האָב פאַר עפּעס מורא...

און דידאָזיקע מורא פאַרקושט סאַשע מיט אַ סך קושן און פאַררעדט עס מיט אַ סך ווערטער. נאָר ער איז שוין מיד פון דעם. ער קאָן זיך דאָך אַזויפיל נישט אָפּגעבן און דערביי פילט ער אומבאַוווסטזיניק, אַז די צילקע דאַרף יאָ פאַר עפּעס מורא האָבן...

פאַרוואָס?

ער וויל זיך קיין רעכנונג נישט אָפּגעבן, ער וויל זיך נישט גריבלען אין זיין נשמה, ווייל ער האָט פיינט צוליידן. ער איז נישט געוווינט צו ליידן.

שלמה פון גוראַלניע איז געקומען פון שטאָט. ער קלאַפּט אָן אין פענסטער און סאַשע גייט אַרויס צו אים. ער האָט גע-בראַכט בריף און די ברישקע האָט ער געבראַכט, עס זאָל זיין אויף וואָס אַריבערצופאָרן...

—די גאַנצע שטאָט וואַרט שוין אויף אייער קומען, מען רעדט פון אייער חתונה...—אַזוי האָט שלמה פון גוראַלניע גע-זאָגט.

און סאַשע האָט אויפגעציטערט פון די ווערטער. „שטאָט, מענטשן, חתונה"—וואָס האָט ער מיט זיי אַלעמען צו טון? אים איז געפעלן געוואָרן אַ מיידל... וועמען גייט עס אָן?

און אפשר איז טאַקע צילקע געערכט? אפשר בלייבן ערגעץ אין אַ וואַלד?

באַרישקייטן.

אַ שטיקל זון האָט זיך געלייגט אויף איסרס הויז און אויפן טייכל, און אפשר צוליב דעם איז סאַשע פריילעך געוואָרן און האָט אַלץ פאַרגעסן.

—מומע ניכע,—האָט ער אַ רוף געטון.

זי האָט אַרויסגעשטעקט פון טיר איר קאָפּ, שוין מיטן שייטל.

—וואָס, קינד?

סאַשע האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט:

—דאָס „קינד" וויל עסן,—האָט ער וועגן זיך געזאָגט — גיכער, גרייט צו עסן, מומע ניכע!—און צו צילקען האָט ער גע-נומען רופן, זי זאָל זיך גיכער אָנטון. יענע האָט אָפּגעענטפערט מיט אַ לידל, וואָס זי האָט אָפט געהערט אין מסטיבאָווע:

וואָס זאָגט די וועלט, וואָס זאָגט די וועלט?

אַז פרויען ליבן געלט...

דער פאַרשפּעטיקטער הערבסט-וואַלד האָט זיך צוגעהערט צו צילקעס קול און צו די ווייטע עכאָס, וועלכע זענען געגאַנ-גען אַלע פון איין אָרט.

פון יענעם געשטראָפטן ווינקל, ווו איין בוים נאָכן צווייטן איז געפאַלן.

שפּעטער האָבן זיי געגעסן צוזאַמען און די מומע האָט דערציילט, אַז זי פאַרפאַקט שוין ביסלעכווייז די זאַכן, מען זאָל זיי אָפּשיקן קיין מסטיבאָווע... „ווי וועט עס זיין דער וואַלד אָן אונז און ווי וועלן מיר עס זיין אָן וואַלד."

ביי די ווערטער לויפט צילקע צו צום פענסטער און באַ-
טראַכט דעם וואַלד:
—אַ שאָד, סאַשע, אַוועקצופאָרן פון דאַנענט! זע נאָר, ווי
די ביימער האָבן זיך פאַרטרויערט.—און די ביימער האָבן זיך
פאַרטרויערט, ווייל פלוצלונג האָבן געוומען שווימען איבערן הימל
גרויסע וואָלקנס, זיי האָבן צוגעדעקט און אָפּגעדעקט די זון און
אַ שטאַרק ווינטל האָט אָנגערירט די נאָדלען פון די ביימער...
עטלכע שטיקלעך ווייס, וואָס זענען געהאָנגען אין וואַלד האָבן
זיך האַסטיק גענומען וויגן, אָנגעבלאָזן זיך און באַלד געפּלאַצט...
—קינדער, מען דאַרף שוין גוט אַ טראַכט טאָן וועגן פאָרן!
ווען עס וועט נעמען שטאַרק רעגענען, טאָג און נאַכט, נאַכט
און טאָג, וועט עס דעמלט שווערער זיין.—די מומע ניכע האָט
עס געזאָגט.

נאָר קיין רעגן איז נאָך נישט געגאַנגען, בלויז די וואָלקנס
האָבן זיך געיאָגט, און אויסגעדולט האָט זיך, אַז זיי מיינען גאָר
אַן אַנדער לאַנד, אַן אַנדער געגנט, און איבערן גאַנצן וואַלד
איז אַוועק אַ געמורמל. בוים האָט זיך צו בוים געבויגן, אַנדע-
רע ביימער האָבן זיך אָפּגעשאָקלט אַ סך פאַרזשאַווערטע נאָד-
לען, שישקעס און האַלב צופאַלענע נעסטן... מיטאַמאָל, פלוצלונג
איז די שטענדיקע רויקייט פון וואַלד אַוועק. ביימער, וואָס זענען
אַ זומער, ווי פאַרגליווערטע אָפּגעשטאַנען, האָבן איצט גענומען
רוישן, רעדן מיט סודות, דאָס טייכל האָט זיינע וואַסערלעך אומ-
רויק געוואָרפן.

און אין אַזאַ טאָג האָט צילקע גענומען דער מומעס גראָבע
פאַטשיילע, האָט אָנגעטון שיך. סאַשע האָט אויפגעזוכט זיין גראָען
קאַפּעליוש, מיט וועלכן ער האָט זיך שוין לאַנגע טעג נישט
געזען.

זיי זענען ווידעראַמאָל געגאַנגען צו די האָלץ-העקערס.

נאָר זיי זענען איבערראַשט געוואָרן פון דער שטילקייט,
וואָס האָט אַרום געהערשט. שטענדיק אין דער שעה הילכן די
העק און ביימער פאַלן קרעכצנדיק, צווייגן ברעכן זיך. זיי זענען
צוגעגאַנגען נענטער און זיי האָבן דאָרטן געפונען אַלע האָלץ-

העקערס צונויפגעזאַמלט אויף איין אָרט, די העק האָבן זיך נישט
ווייט געוואַלגערט.

וואָס איז געשען?

דער וואַלד האָט גענומען אַ קרבן. אַ בוים איז צו האַס־
טיק אַ פאַל געטון, איינער פון די פּויערים האָט נישט באַוויזן
אָפּשפּרינגען און אָט ליגט ער איצט אַ צוריבענער מיט פרישן
סכך באַדעקט. בלויז אַ פּאָר פּיס נאַקעטע קוקן אַרויס פון אונטן
דעם סכך. אַ סך ביימער פון די אָוועקגעלייגטע זענען באַשפּריצט
מיט פריש בלוט און די רויטע פלעקן לייכטן מיט שרעק אין
דער נשמה אַריין. דער וואַלד שווייגט און די מענטשן אַרום
צלמען זיך און שווייגן אויך. צילקע נורעט זיך איין אין טוך
פון קעלט און פון שרעק...

עפּעס אַ בייזקייט האָט זיך אַריינגעגנבעט אין וואַלד צו־
זאַמען מיטן ווינט און מיטן טויט... נאָר זיי האָבן נאָך נישט באַ־
וויזן ווייט אַוועקצוגיין אויף צוריקוועגס, האָבן זיך שוין די קלעפּ
פון די העק ווידער געהערט...

„האַרר", „האַרר".

אַ מענטש איז געהרגעט געוואָרן, זענען פאַראַן אַנדערע מענ־
טשן, דעם וואַלד מוז מען אַוועקלייגן, דעם וואַלד האָט מען
פאַרקויפט.

ווען זיי זענען געקומען צוריק און דערציילט פאַר ניכען
וועגן אומגליק, האָט זי דריי מאָל אויסגעשפּיגן און גענומען עפּעס
מורמלען: „זאָל דאָס נאָר נישט זיין קיין שלעכטער סימן".

און די נאַכט איז פריער היינט געקומען ווי אַלעמאָל. די
וואָלקנס האָבן זיך אַלץ מער פאַרייניקט. דער ווינט האָט נישט
גערוט. אינמיטן נאַכט האָט אַרויסגעריסן אַ רעגן און עס איז גע־
וואָרן אַזוי טרויעריק... צילקע איז אומרויק געשלאָפן, עטלעכע מאָל
האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און גערעדט צו סאַשען:

—עס איז שוין הערבסט, דו הערסט ווי דער וואַלד וויינט...

—וועסט מיך נישט לאָזן אליין...

סאַשע האָט זי כסדר באַרויקט, אַז אין שטאָט איז אין
הערבסט גאָרנישט טרויעריק, ביי זיי אין שטוב לייכטן גרויסע

לאָמפּן אין די אָוונטן. פון אויסלאַנד וועלן אינגיכן קומען טאַטע-מאַמע און זיין שוועסטער. זיי וועלן צילקען ליב האָבן און אַלץ וועט גוט זיין.

זי האָט אים געפילט אַזוי נאָנט און גערעדט האָט ער צו איר אַזוי טריי — האָט זי געגלייבט און איז געשלאָפן.

ביז די מומע ניכע איז געקומען אינדערפרי:

—קינדער, דער רעגן האָט אויפגעהערט, אייערע זאַכן זענען שוין איינגעפּאַקט...

—וועלן מיר פאָרן—האָט סאָשע אונטערגעכאַפּט...

—שוין? -האָט צילקע מיט גרויסע אויגן געפרעגט, און דאָס האַרץ האָט ביי איר מיט שרעק געקלאַפּט.

סאָשע איז דאָך אַ גוטער, און דאָך האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז מען וויל זי אַוועקרויבן.

די מומע איז געלאָפן אַלץ צוגרייטן.

אין וואַלד איז קאַלטלעך געווען, נאָר די טרוקענע וואַלקנס האָבן זיך אַ סך מאָל צופליקט און דורכגעלאָזט שטיקער זון. אַ גאַנצן טאָג האָט זיך די ליכט באַוויזן און באַהאַלטן.

צילקע האָט זיך אָפּגעבעטן אויף נאָך איין טאָג. פאָרן וועט זי, נאָר איין טאָג וויל זי נאָך פאַרבלייבן אין וואַלד. סאָשע האָט איינגעשטימט און געשמייכלט. ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וואָס אין איר איז פאָרגעקומען. זיי האָבן דעם טאָג אַרומגעבלאָנדזשעט אין וואַלד. אויפן שאָסיי געשפּאַצירט.

—וועט מען טאַקע דעם וואַלד אויסהאַקן? אַלע ביימער וועט מען אַוועקלייין? און איך וועל דאָ נישט זיין?

—וועסט זיין אין גראָדנע.

—אין דו וועסט שטענדיק זיין מיט מיר?

ער האָט נישט געהאַט קיין שלעכטע געדאַנקען און דאָך בעת זי רעדט אַרויס דאָס וואָרט „שטענדיק", גיט אים דאָס אַ שטאָך אין האַרצן. און וועלנדיק זיך אַליין באַרויקן, חזרט ער עטלעכע מאָל איבער:

—„שטענדיק, שטענדיק. איך בין דאָך דיינער.

אויף מאָרגן איז אַן איינגעשפּאַנטע בריטשקע געשטאַנען

ביי איסרס שטוב. שלמה פון גוראַלניע איז געזעסן אויף די קאַז-
לעס. אַ קאַלטער ווינט האָט געיאָגט און געטרוקנט דעם וואַלד.
די מומע איז געווען פאַרוויינט, צילקע — פאַרוויינט, אפילו דעם
שאַסיי-וועכטערס ווייב, וואָס איז זי געקומען באַגלייטן, האָט אויך
געווישט מיטן פאַרטוך די אויגן.

די ביימער האָבן זיך געשאָקלט און צילקען האָט זיך אויס-
געדוכט, אַז זיי זעגענען זיך מיט איר. און סאַשען האָט עס גע-
נומען אויפרעגן — די אַלע געזעגענישן און קרעכצענישן.

—מען קען שוין פאָרן, האַ, שלמה?

—„ביאָ?"

צילקע האָט גענומען וואַרפן די אויגן אויף רעכטס, אויף
לינקס. דאָס פערדל האָט זיך האַסטיק אַ טראָג געטון און אַט
פאַרשווינדט די מומע, די הייזער, די שטאַל. בלויז קופערנע
סאָסנעס שטייען שטאָלץ און שלאַנק, ווי צו אַ פּאַראַד...

—סאַשע, — פרעגט זי, — כ'וועל דאָ שוין מער נישט זיין?

—דעם וואַלד וועט מען אויסהאַקן, — ענטפערט סאַשע קורץ.
ער האָט זיך אַליין אין דער רגע געפילט נישט פריילעך. ציל-
קע האָט שטיל געוויינט, נאָר פּלוצלונג האָט זי אויפגעהויבן דעם
קאָפּ און גענומען האַסטיק רעדען:

—אַט דאָ, אויף דעם אָרט, האָט זיך פרויקע געקושט
מיט דער ציגיינערין. אַט דאָ, אויף דעם אָרט, זענען זיי געלעגן,
ער מיט זיינע שטיוועלעך, זי — אַ באָרוועסע.

סאַשע האָט אויפגעהויבן אויף איר די אויגן. די טרערן
האָבן זיך נאָך נישט אויסגעטרוקנט אויף אירע באַקן און דאַ
האָט זי זיך גאָר דערמאָנט אַזאַ מעשה מיט פרויקען, מיט דער
ציגיינערין.

סאַשע האָט באַמערקט, אַז די ערינערונג האָט איר אַביסל
צושטרייט און מונטערער געמאַכט, האָט ער אומישנע אונטערגע-
האַלטן דעם געשפּרעך וועגן פרויקען און וועגן דער ציגיינערין.

—און וואָס טוט ער היינט, דער פרויקע?

—ער שיכורט אודאי אַזוי ווי אַלעמאָל. די מומע ניכע
האָט אים פיינט, דער טאַטע האָט אים פיינט, נאָר די מיידלעך

אין מסטיבאָווע ליבן זיך אין אים...

דערווייל איז מען אַרויסגעפאָרן אויפן שאָסיי און דער ווינט האָט נישט געלאָזט רעדען.

סאַשע האָט זיך שטאַרק פאַרטראַכט. די גאַנצע געשיכטע מיטן לעבן דאָ אין וואַלד, מיט זיין חתונה-האָבן,—דאָס אַלץ האָט אים אויסגעזען, ווי אַ לעגענדע. אָט האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ וואַלד און אַרויסגעגנבעט אַ פּרוי פאַר זיך.

און אָט פאָרט ער מיט איר קיין גראָדנע, צו זיין טאַטן אין שטוב אַריין.

# VIII

## דער עיקר...

ביי די לוריעס...

אזא גרויסע שטוב ביי זיי, מיט אזויפיל צימערן. צילקען האט זיך צום ערשטן אויסגעדוכט, אז זי וועט דא פארבלאנדזשעט ווערן. בעת זי איז דא אנגעקומען זענען די לאמפן מיט די בילדער געווען פארהאנגען מיט ווייסן ליילעך און מיט פאפיר, ווייל די לוריעס אליין זענען אוועקגעפארן קיין אויסלאנד, און אלץ איז געווען פארדעקט פון שטויב. סאשע האט געוואלט, אין שטוב זאל זיין היימלעכער, האט ער פארארדנט, אז אלץ זאל געבראכט ווערן אין ארדנונג, און עטלעכע טעג האבן מענטשן געפוצט, געשטויבט און געוואשן די צימערן, די פענסטער.

צילקע האט ארומגעבלאנדזשעט פון איין צימער אין צווייטן. זי האט זיך קיין ארט נישט געפונען, און סאשע איז איר נאכגעגאנגען, געקוקט אין די אויגן. ער האט באמת געוואלט, אז צילקען זאל גוט זיין.

דער וואלד האט איר געפעלט... סאשע האט עס גוט געפילט, נאר ער האט געטראכט, אז זי וועט זיך בארויקן.

זי האָט געוווּסט און האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז דאָ גע־
קומען אויף שטענדיק; אַז איר לעבן וועט איצט גאָר אַנדערש
אַוועקגיין, נאָר אויסדווכטן פלעגט זיך איר פילמאָל, אַז היינט־
מאָרגן, וועט זי דאָך צוריק אַוועק אין וואַלד צו דער מומע ניכע,
צום טייכל, צו דער שטילקייט...

איז שוין דאָ אַמאָל געווען, בעת זי איז נאָך אַ קליין
מיידעלע געווען, נאָר פון דעמלט אָן האָט מען די שטוב איג־
גאַנצן איבערגעאַנדערשט און זי דערקענט דאָ גאָרנישט. בלויז די
מומע פלעגט עס פאַר איר אַמאָל דערציילן, אַז זי, צילקע, איז
אַנטלאָפן פון די לוריעס, פון גראָדנע—איז זי אַנטלאָפן און איבער
וויסטע פעלדער געבלאָנדזשעט. אָבער דאָס איז שוין געווען לאַנג
און היינט איז זי אַ גרויסע, זי איז געווען אין מסטיבאָווע ביים
רב, און דאָרט האָט מען זי אַ גאָלדן רינגעלע אָנגעטון אויף אַ
פינגער און אין שטאָט האָט מען איר געבראַכט. אַ גאַנצן טאָג
גייט זי אין שיך און די פיס טוען וויי, נאָר זי וויל דאָס נישט
דערציילן פאַר סאַשען, ער וועט לאַכן פון איר.

דאָרט אין צווייטן צימער—איז סאַשע. ער העלפט דאָרט
צ׳. ער הייסט איבערשטעלן דאָס מעבל, אויספּוצן אַלץ.

און דאָ איז זי אויף אַ רגע אַליין געבליבן. איז זי צוגע־
גאַנגען צום פענסטער אַרויסגעקוקט אויף דער גאַס, אויף וועל־
כער עס זענען ווייניק מענטשן געווען, אַנטקייגן, אויף אַ צווייט
הויז איז געהאָנגען אַ שילד מיט אַן אויפשריפט: „דאַמסקי פּאָר־
טנאָי". און פון וואָס צילקע האָט נישט געוואָלט טראַכטן, איז
איר אַלץ דער אויפשריפט געקראָכן אין די אויגן, אין די
געדאַנקען. און זי האָט אַליין אַזוי עטלעכע מאָל צו זיך אי־
בערגעחזרט „דאַמסקי פּאָרטנאָי", „דאַמסקי פּאָרטנאָי". דעם פינ־
גער האָט זי געהאַלטן אין מויל, ווי אַ פאַרחלומט מיידעלע
און שטאַרק געבענקט און זיך געפילט פרעמד, פרעמד...

שוועבט אַרום אַ סאָסנע פאַר די אויגן, אַ צווייטע, אַ דריטע
און אַ גאַנצער וואַלד שטעלט זיך אויס, שלאַנק און רויק שטייען
די ביימער און האַלטן איין אויף זייערע אַקסלען אַ גרויסע־גרוי־

סע רויקיים פאַר צילקען. זי שפּרייזט צווישן די ביימער... ווו וועט זי היינט גיין? קיין פּרודנע! דאָרט איז אַזאַ ליכטיקער הויף, די שטעגלעך זענען מיט זשוויר אויסגעשיט און די הייזער זענען באַפּוצט מיט געשניצטע גזימסעלעך, דעם פּאַנס טאָכטער טראָגט אַזעלכע שיינע קליידלעך. זי לעבט אין פּעטערבורג, דעם „פּאַנס" טאָכטער, נאָר אויף זומער קומט זי קיין פּרודנע און גייט אַרום איבער די ריינע שטעגעלעך און הויף און רעדט נישט מיט קיי- נעם. זי גלעט די הינט, וואָס לויפן איר נאָך און רעדט נישט מיט קיינעם.

און איינמאָל בעת צילקע איז געקומען קיין פּרודנע, האָט דעם פּאַנס טאָכטער זי צוגערופן און זיך צונויפגערעדט מיט איר... פון וואַנעט? צו וועמען זי קומט? דערנאָך האָט זי איר געבעטן, זי זאָל וואַרטן אַביסל, איז אַריין אין שטוב און איז פון דאָרטן אַרויסגעקומען מיט אַ ברעטל באַצויגן מיט לייוונט, מיט פּענזע- ליקלעך, מיט פאַרב און צילקען האָט זי געהייסן שטיין און קוקן אין דער ווייט...

צילקע האָט געפאָלגט און דעם פּאַנס טאָכטער האָט גע- מאָלט, געמאָלט... ביז צילקען האָבן אָנגעהויבן וויי טון די פיס און יענע האָט אַלץ געמאָלט... צילקען איז לאַנגווייליק געוואָרן, זי האָט זיך אָנגעהויבן בעטן ביי דעם פּאַנס טאָכטער, האָט זיך די פריצטע פונאַנדערגעלאַכט און איר אָפּגעלאָזט, נאָר מיט דעם באַדינג, אַז זי זאָל מאָרגן ווידער קומען. צילקע האָט צוגעזאָגט. נאָר אין יענעם זומער איז זי שוין מער קיין פּרודנע נישט גע- קומען, זי האָט מורא געהאַט: די פיס האָבן איר דאַן אַזוי וויי געטון.

און איצט דוכט זיך איר אויס, אַז דעם פּאַנס טאָכטער האָט זי ווידער געכאַפּט און זי מוז, זי מוז שטיין און קוקן אויף איין אָרט אין דער ווייט...

נאָר פון פּרודנע איז זי געלאָפן צו זיך אין וואַלד. און ווו וועט זי פון דאַנעט לויפן? זי טראַכט און באַמערקט נישט, ווי סאַשע קוקט אויף איר... אַ שווערער וואָגן לויפט פאַרביי דעם ברוק און די רעדער הילכן קלאַפּנדיק זיך אָן די שטיינער. זי

כאַפּט זיך אויף פון אירע געדאַנקען און דערזעט סאַשען.

—דיר איז אומעטיק, צילקע?—און גיט באַלד צו:

—וועסט זיך איינגעוויינען! וואַרט נאָר, מיינע וועלן קומען פון אויסלאַנד, דאָ וועט ווערן פריילעך, געסט וועלן קומען.

ער נעמט זי אונטער דער האַנט און פירט איר אַריין אין אַ צווייטן אויסגעפּוצטן צימער.

אַ גרויסער שפּיגל גלאַנצט פאַר איר און אין שפּיגל זעט זיך דאָס גאַנצע צימער מיט די לאָמפּן מיט די בילדער... זיי זעצן זיך אַוועק אויף אַ ווייכער קאַנאַפּקע און צילקען דוכט זיך, אַז זי פאַלט אין אַ גרוב אַריין, לאַכט זי זיך פונאַנדער...

—נו גוט, וואָס דו לאַכסט צילקע, עס וועט זיין גוט, דו וועסט זען, עס וועט גוט זיין, דו וועסט זיך צופּאַסן, צוגעוויינען צו אונזער לעבן. אַ מענטש קאָן זיך צו אַלץ צופּאַסן, אפילו צו רייכקייט אויך.—נאָר זי הערט איה שוין נישט, זי האָט באַמערקט אין ווינקל דעם קלאַוויר און זי איז דאָרט צוגעשפּרונגען:

—דעם פּאַנס טאָכטער אין פּרודנע האָט אויך אַזאַ קאַסטן נאָר אַ ברוינעם און דער איז אַ שוואַרצער.—רירט זי אָן מיט די פינגער די קלאַווישן, ענטפּ רן זיי אָפּ מיט עטלעכע האַלבע טענער, שפּרינגט זי אויף, די „קאָזקע", און קוקט זיך אַרום אין צימער, פּונקט ווי זי וואָלט זוכן די טענער צי זיי זענען ערגעץ נישט אַראָפּגעפאַלן, ניין, זי געפינט זיי נישט, די קלאַנגען. קלאַפּט זי ווידער און שוין העכער, דרייסטער און זי פאַרגעסט שוין אין דער רגע אָן סאַשען, אָן אַלעמען... פּויקט אין קלאַוויר און לאַכט אויפן גאַנצן קול אַזוי, אַז די גאַמען מיט איר לאַכן גיסן זיך צונויף אינאיינעם.

סאַשע איז צופרידן, וואָס זי האָט זיך פאַרשפּילט, נאָר אין דעראמתן וואָלט ער שוין וועלן, אַז זיינע זאָלן שוין קומען פון אויסלאַנד. ער האָט געטראַכט, אַז זיי וועלן זיך אויף פאַרנעמען אַביסל מיט צילקען און איר וועט לייכטער ווערן...

ווייל...

ער איז שוין מיד פון שטענדיקן נאָכגיין נאָך איר, פון

דעם שטענדיקן ציטערן פאַר איר.

דאָ איז זי אומרויק, דאָ בייזערט זי זיך, דאָ באַדאַרף מען אַ שניידערין, אַ שוסטער... די אַלע קלייניקייטן האָבן ווי אַרומגעצוימט זיין גאַנץ וועזן און עס האָט זיך אים פאַרוואָלט פרייער אָפּטעמען פון דעם אַלעם.

זאָלן זיי שוין קומען פון אויסלאַנד.

אין גאַס איז ער איצט ווייניק געגאַנגען, טאַשע, נאָר ווען ער האָט געהערט פייפן די באַן אָדער ווען ער פלעגט אַריינקוקן אין אַ צייטונג צי אין אַ זשורנאַל, פלעגט ער זיך דערמאָנען די גרויסע וועלט. און די אַלע געשעענישן, צו וועלכע ער האָט פריער אויך געהאַט אַזאַ קליינע שייכות, זענען אים איצט אַזוי נאָנט געוואָרן, פונקט ווי ער וואָלט אָן זיי נישט געקאָנט לעבן.

און דאָ קומט זי צוגיין, די צילקע, און פאַרטרויט אים, פונקט ווי זי וואָלט אין דעם שולדיק געווען, די פיס טוען איר ווי. נישט צוגעווינט צו די שטאָטישע שיכעלעך. צווינגט זי סאַשע, זי זאָל די שיך אויסטון, און ער זעט, אַז זי האָט זיך שוין ווונדן אָנגעריבן...

—אַ רחמנות אויף דיר, צילקע.

– פאַרוואָס אַ רחמנות?

—ווייל דו ביסט ווי אַ פויגל אין שטייגל, אמת, צילקע?

—יאָ, נאָר דו זאָגסט, אַז איך וועל זיך צוגעוויינען...

—אודאי, אודאי... אַלע געוויינען זיך צו אַלץ צו.

און...

עס איז אַ הערבסט־פאַרנאַכט. אָן זון־פאַרב פאַרגייט דער טאָג. אַמאָל קלאַפּט אַ וואָגן, אַמאָל רוישן די מענטשן, נאָר בלויז קורצע רגעס, און עס דאַכט זיך זיי ביידע אין דער שטילקייט, אַז זיי זענען אין אַ פרעמדן שלאָס, צווישן פרעמד אומבאַקאַנט מע-בל. און עס ווילט זיך פריינטשאַפט, איבערגעגעבנקייט. גלעט ער זי, טוליעט ער זי צו זיך און ביי יעדן גלעט דוכט זיך איר אויס, אַז זי איז אין וואַלד, אין וואַלד קומט עס פאָר.

און אפשר? סאַשע טראַכט אין זיך. אפשר דאַרף ער זיך נישט באַאומרויקן און נישט בענקען מער נאָך טומל, און אפשר

זאָל ער טאָקע זיך איינגאַנצן אָפּגעבן צו דעמדאָזיקן נישט-
דרעסירטן וועווריק פון וואַלד, וועלכער האָט אים אַזעלכע לע-
בעדיקע שעה'ן געגעבן דאָרט ביים טייכל, ביי דער צווילינג-
סאָסנע?

פאַרטראַכט ער זיך.

און זי כאַפּט זיך אויף, ווי פון אַ שלאָף, בעת סאַשע ווערט
שטיל.

—פון וואָס טראַכסטו? דעם אמת זאָג!

—וואָס טראַכסטו פון מיר?

—אַז דו ביסט געוואָרן אַזוי ווי אַן אַנדערע, האָסט די
פליגלען דיינע אין זיך אַריינגעצויגן, האָסט זיך באַהאַלטן אין
זיך.

—פליגלען... איך האָב קיינמאָל קיין פליגלען נישט געהאַט.

קושט ער זי:

—קינד, דאָס רעדט זיך נאָר אַזוי, דאָרטן אין וואַלד ביסטו
לעבעדיקער געווען.

—אָבער, דו זאָגסט דאָך, אַז איך וועל זיך צוגעוויינען...

—און דו ווילסט זיך צוגעוויינען?

—איך וויל, אָבער דו וועסט נאָך מיט מיר פאָרן ווען אין
וואַלד?

—געוויס, מיר וועלן פאָרן אין אַ סך ערטער...

עס ווערט פינסטער אין צימער, עס ווערט שפּעט. טראַכ-
טנדיק און קושנדיק זיך ווערן זיי ביידע אַנטשלאָפן אויף דער
ווייכער קאַנאַפּע.

די אַלטע דינסט, שורא, איז שוין עטלעכע מאָל אַריין
אין צימער, זי האָט זיי געוואָלט צום טיש בעטן אָוונט-ברויט
עסן, נאָר די „פאַרליבטע“ שלאָפן. גייט זי אַוועק פון צימער און
קוועטשט מיט די פּלייצעס.

אַז זי ווייסט נישט, די דינסט, וואָס דאָ קומט פאָר.

דער „פּאַניטש“ שפּאַסט דאָך אודאי, בעת ער זאָגט, אַז
דאָסדאָזיקע צושראָקן מיידל איז זיין ווייב.

אַז די „אַלטע״ וועלן קומען פון אויסלאַנד וועט אַ סקאַנדאַל זיין.

אַלעבן האָט זי דאָ אָפּגעדינט ביי די לוריעס און זי איז זיי געטריי, ווי אַ הונט, נאָר איצטער ווייסט זי נישט וואָס דאָ טוט זיך.

אין שטאָט רעדן אויך אַלע, אַז דער „אויסלענדער״ האָט חתונה געהאַט...

— אַ גליק באַשערט אַ מיידל פון אַ וואַלד-משרת.

— ער איז אודאי משוגע געוואָרן, לוריעס קדישל...

— דער טאַטע וועט נאָך האָבן נחת פון אים...

— אָבער די מאַמע, זי האַלט שוין יאָ צו שטאַרק פון יחוס, זי וועט זיך בלאָזן...

און ביי יעדן, וואָס האָט נאָר געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אין דידאָזיקע טעג אין לוריעס הויז, — ביי יעדן האָט מען אויסגעפרעגט:

— וואָס איז זי פאַר אַ איינע?

— און סאַשע אַליין, ער איז צופרידן?

גראָדנע האָט געהאַט צו רעדן. און יעדערער, וואָס פלעגט פאַרבייגיין לוריעס הויז, האָט אויפגעהויבן די אויגן צו די פענסטער און שטאַרק אַריינגעקוקט...

אינעווייניק האָט מען געפּוצט די צימערן, מען האָט זיך געריכט אויף די אַלטע לוריעס, אַ יעדן טאָג באַדאַרפן זיי אָנפאָרן פון אויסלאַנד.

דערווייל זענען די פענסטער פון דעם גבירישן הויז פאַרהאָנגען מיט שווערע גאַרדינען.

און צילקע אַליין האָט שוין אויך געוואָלט, אַז די אַלטע זאָלן קומען. זי האָט מורא געהאַט פאַר עפּעס... מיטאַמאָל האָט זי דערזען די וועלט, און אַז אויף דער וועלט זענען דאָ אַ סך מענטשן, און מיט יעדן מענטשן דאַרף מען וויסן, ווי צו רעדן...

אפילו די שניידערין, וואָס קומט צו איר אין שטוב וויל אויך ביי איר עפּעס אויספאָרשן, און די אַלטע דינסט שורא קוקט אויף איר מיט בייזקייט און חשד.

נאָר איין סאַשע האַלט זי אין איין טרייסטן און באַרויקן:
—דו זיי דאָ, ווי ביי זיך אין דערהיים, ס׳איז מיין טאַטנס שטוב, ס׳איז מיין שטוב!--און דאָך איז איר דאָ אַלץ פרעמד. זי האָט זיך מורא צוצורירן צו די אַלע חפצים, האָט מורא הויך די טריט צו שטעלן.

זיצט דאָ, אַזוי ווי אין אַ תפיסה. אויפן גאַס איז שוין קאַלט און אויסערדעם גייט מיט איר סאַשע אין ערגעץ נישט אַרויס, ווייל די שטאָט איז גרויס; זאָל ער זיך מיט איר נאָר באַווייזן וועט מען זיי נאָכלויפן.

טעג גייען אַוועק נאַסע, כמורנע. צילקע איז פאַר דער צייט בלייך געוואָרן...

און דאָרטן אין מסטיבאָווע? וואָס טוט דאָרט די מומע ניכע?

און דאָרטן אין סווישלאָטש? דער שווייגנדיקער טאַטע, וועלכער לאָזט פון זיך אַ וואָרט נישט צו הערן...

און דעם וואַלד זייערן האַקט מען אויס, דאָס טייכל וועט אויסטריקענען און צילקען וועט שוין קיינמאָל נישט זיין אַזוי רויק אויף דער נשמה, ווי אַמאָל.

טאַשע האָט „געפירט" די שטוב אין דידאָזיקע טעג. פריער וואָלט זיך אים דאָס קיינמאָל נישט געחלומט, אַז אים זאָלן אינטערעסירן אַזעלכע קלייניקייטן. ער האָט עס געטון צוליב צילקען און צוליב... זיך אַליין, געוואָלט מיט עפּעס באַרויקן דאָס ווערעמל, וואָס האָט פון צייט צו צייט געעגבערט דעם מוזיינעם.

און אין שטאָט האָט מען שוין גערעדט:

—ער ווערט אַ לייט, דער „סאַשקע"!

—אינטערעסירט זיך מיט אַלץ...

—אַז מען ווערט עלטער ווערט מען קלוגער...

—עס וואַרט דאָך אויף אים אַזאַ ירושה...

—גענומען אַ ווייבעלע און וואַרעמט זיך אין דערהיים...

איינמאָל באַגינען, עס איז נאָך געווען פינסטער גענוג, האָט זיך דערהערט אַ טומל ביי די לוריעס אין שטוב. צילקע און סאַשע — ביידע האָבן זיך אויפגעכאַפּט.

—וואָס איז געשען?—האָט צילקע געפרעגט. סאַשע האָט רויק געענטפערט:

—די אַלטע זענען געקומען, שוין געקומען פון אויסלאַנד...

—זיי וועלן זיין אין כעס אויף מיר, האַ, סאַשע?

—פאַרוואָס אין כעס?

—ווייל איך בין דאָ אַ פרעמדע...

—קינד, שלאָף רויק, און איך וועל גיין זיך פרייען אַביסל מיט טאַטע און מאַמע...

צילקע איז געבליבן אַליין אין צימער, נאָר שלאָפן האָט זי נישט געקאָנט. זי האָט געהערט, ווי אין אַנדערע חדרים האָט מען גערעדט העכער און נידעריקער, מען האָט געשריען און זיך גע'סוד'עט. זי האָט געוווסט און פאַרשטאַנען, אַז מען רעדט פון איר און עס איז איר אַזוי ענג געוואָרן... זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן פענסטער: אפשר אַנטלויפן פון דאַנען, פון די פרעמדע מענטשן? אַנטלויפן, אָבער וווהין? דעם וואַלד האַקט מען אויס, דער טאַטע דאָרט שווייגט אויך ווי אַ פרעמדער, און פון סאַשען וויל זיך דאָך נישט אַנטלויפן — ער איז אַזאַ גוטער...

אָט איז ער שוין ווידער לעם איר, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט און גלעט זי און רעדט גאָרנישט, ביז צילקע רייסט איבער זיין שווייגן:

—וואָס האָבן דיינע געזאָגט? זיי ווייסן שוין, אַז איך בין דאָ פאַראַן, אַז איך האָב זיך אַריינגעגנבעט אין אַ פרעמדער שטוב?

—צילקע, רעד נישט אַזוי, די שטוב איז דיינע, ווי מיינע, ווי זייערע. זיי האָבן דיך שוין ליב, זיי וועלן זיך קושן מיט דיר, וועסט זען.

אָט אַזוי האָט ער זי געטרייסט און גערעדט צו איר ביז עס איז גוט ליכטיק געוואָרן. טאָג איז געוואָרן און ער איז ערגעץ אַוועק, סאַשע. צום ערשטן מאָל איז ער אַוועק אין שטאָט אויף אַ פּאָר שעה און צילקע איז געבליבן אין צימער אַליין. שורה האָט איר טיי געבראַכט און זי האָט איצט שוין נישט געקוקט אויף איר אַזוי בייז, די אַלטע דינסט.

זי האָט זיך שוין עטלעכע מאָל איבערגעקעמט און אין

שפיגל כסדר געקוקט, די צילקע. מיטאַמאָל עפנט זיך די טיר און סאַשעס שוועסטער, די גימנאַזיסטין העלאַ, לויפט אַריין אַ דערפרייטע, אַן אויפגעמונטערטע און כאַפּט זיך קושן מיט צילקען:

זי רעדט גיך...

—מיר וועלן זיין, ווי שוועסטער, אמת, צילקעלע? איך וועל דיך ליב האָבן, בײַ אונז וועלן דיך אַלע ליב האָבן... מיר וועלן זיין, ווי שוועסטער. אָך, איך האָב אַזוי געוואָלט, אַז סאַשע זאָל חתונה האָבן, אַלע האָבן דאָס געוואָלט בײַ אונז. דער טאַטע איז שוין צופרידן און די מאַמע וועט זיין צופרידן... צילקעלע, צילקעלע...

פונקט, ווי זיי וואָלטן טאָג און נאַכט אינאיינעם געווען. פון וואָס האָט זי נישט אויסדערציילט פאַר צילקען: פון אויסלאַנד, פון גימנאַזיום, וווהין זי באַדאַרף באַלד לויפן, ווייל זי האָט שטאַרק פאַרשפעטיקט, דורכגעלאָזט עטלעכע וואָכן.

צילקע האָט נישט אַלץ פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט גערעדט, נאָר עס איז איר היימלעכער געוואָרן.

ווען העלאַ איז אַוועק איז אַריין צו איר דער אַלטער לוריע, אַן אויסגעפּאַשעטער, נאָכמער פאַררונדלט ווי פריער.

ער איז צוגעגאַנגען צו צילקען און געוואָלט זיך מיט איר צוקושן, האָט זי זיך דערשראָקן.

—וואָס שרעקסטו זיך, „קאָזקע"? איך בין דאָך אַ צווייטער טאַטע, מיט אַ טאַטן מעג מען זיך קושן!—און נאָך דעם האָט ער אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר אַקסל און אַרויסגערעדט:

—מיין סאַשע איז אַוועק אין מיינע וועלדער און דאָרט אַ פייגעלע געכאַפּט, אַ שיין פייגעלע, אַ טייער פייגעלע, עס וועט דיר זיין גוט בײַ אונז, צילקע...

אינדעם איז סאַשע צוריק פון גאַס געקומען און דער אַלטער האָט באַמערקט, אַז זיין זון טראָגט נאָך אַלץ דעם גראָען קאַפּעליוש...

—דעם קאַפּעליוש האָסטו שוין באַדאַרפט אַוועקוואַרפן, איצטער אודאי...

—פאַרוואָס איצטער אודאי?

—אַז מען האָט שוין אַ ווייב...

—טאַטע!

—וואָס, סאַשע!

—גאָרנישט... דער קאַפּעליוש ליגט דאָך אויף מיין קאָפּ.

—נו, לאָמיר זיך נישט קריגן,—האָט דער גוט־געשטימטער לוריע זיך געבעטן ביי זיין זון. אין דעם איז אויך אַריינגעקומען די אויסגעשלאָפענע פרוי לוריע... זי איז רויק אַריינגעקומען און קאַלטבלוטיק אַלעמען באַטראַכט, צוגעגאַנגען צו צילקען און זיך צוקושט מיט איר...

—ביסט דאָך טאַקע אַ שיינע, איצטער פאַרשטיי איך מיין זון.—זי האָט זיך איצט געסטאַרעט זיין רויק און אונטערגעגעבן. נאָר באַגינען בעת זי האָט מיט סאַשען גערעדט וועגן צילקען, האָט זי עטלעכע בייזע ווערטער אַריינגעוואָרפן אין שמועס...

—ווי פרעגט מען עס קיין וואָרט נישט ביי טאַטע־מאַמע?

אָבער סאַשע האָט זי גלייך אָפּגעשטעלט און געוואָרנט, אַז אויב זי וועט נאָך איין וואָרט רעדן נעמט ער צילקען און פאָרט אַרויס פון שטוב.

דעם אַלטן לוריען האָט סאַשעס טאָן דערפרייט. הייסט עס, אַז ער האָט ליב דעם משרת איסרס טאָכטער. און אַז מען האָט ליב אַ ווייב, מוז מען ווערן אַ מענטש.

צילקע האָט איצט געקוקט אויף די אַלע מענטשן, האָט זיך אַביסעלע געשראָקן פאַר זיי. זי האָט נאָר געוואָלט, אַז סאַשע זאָל זיין לעם איר, און יענער האָט זיך נאָר געבעטן ביי איר:

—לעבעדיקער, צילקע, גיב נאָר אַ שפּרונג אַזוי ווי איך וואַלד!

—עס שפּרינגט זיך נישט, סאַשע, דאָ איז נישטאָ, וווּ צו שפּרינגען, איך וועל נאָך עפּעס צעברעכן.

—אָבער טראָג נישט אַזוי אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

גלייכט זי זיך אויס אינגאַנצן, הייבט אויף שטאָלץ דעם קאָפּ און קוקט אויף אים...

—אָט אַזוי געפעל איך דיר?

—יאָ... דו פאַרגליווערסט זיך, אָבער, ווי אַ סטאַטוע...

—וואָס איז דאָס אַזוינס? דו מיינסט, אַז איך בין אין שטאָט, פאַרשטיי איך שוין אַלע דיינע ווערטער?

לאַכט ער פריילעך.

אין דעם קומט די מאַמע אַריין און טראָגט צו צילקען אַ שנירל פערל:

—וועסט ביי מיר צונעמען די מתנה...

די אַלטע פרוי לוריע האָט געהאַט פיל צירונג. דאָס איז געווען ביי איר אַ גוואַלדיקע ליידנשאַפט. יעדן טאָג פלעגן קומען צו איר מענטשן מיט פאַרשיידענע גאָלדענע חפצים, מיט בריליאַנטן און פערל. זי פלעגט קויפן און בייטן... שטענדיק געטומלט ועגן רינגעלעך און אוירנגלעך...

—מאַשע מיט די הינט און מיין ווייב מיט די פערל, — פלעגט זיך ווויצלען דער אַלטער לוריע.

איצט האָט צילקע געהאַלטן דאָס שנירעלע פערל אין האַנט און נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט דעם.

איז די פרוי לוריע צוגעגאַנגען צו איר נאָכאַמאָל און עס איר אָנגעטאָן אויפן האַלדז...

עטלעכע נייע בלייכע שטראַלן זענען געפאַלן אויף צילקעס פּנים...

און פון דעמלט אָן האָט צילקע באַקומען אַ סך מתנות פון אַלעמען. מען האָט זי ליב געקריגן און יעדערן האָט געפרייט איר וואָרט, איר ענטפער. מען האָט זי געקעכלט און זי האָט זיך געשפּילט מיט די מענטשן. עס איז אַוועק אַ צייט פאַר איר פון קליידלעך, צירונג, פון סטענגעלעך און בענדעלעך. מען האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט אירע האָר, ווי אַזוי עס צו פאַרקעמען — אַזויפיל האָר! וועלכע פריזור מאַכט מען פון זיי.

און מער פון אַלעמען האָט מיט איר זיך געוויילט די יונגע העלאַ — סאַשעס שוועסטער.

—דו ביסט אַ וואַלד־מיידל, ביסט געבוירן געוואָרן אין וואַלד?

—יאָ, — ענטפערט צילקע.

—טאָ, דערצייל עפּעס פון וואַלד.

און צילקע פלעגט דערציילן פון דער מומע ניכע, פון מסטיבאָווע, פון פרודנע, נאָר פלוצלונג רייסט זי איבער איר דער-ציילונג.

—אַז עס איז נישטאָ וואָס צו דערציילן פון וואַלד: עס שטייען ביימער און שווייגן, עס לויפט אַ טייכל און רוישט...

—און פרויקע? — פלעגט צושטיין העלאַ.

זי האָט שוין געהערט פון צילקען פרויקעס נאָמען און שטענדיק פלעגט זי פרעגן וועגן אים:

—ער מוז זיין אַ שיינער.

—איך וואָלט אים וועלן זען...

און זי פלעגט אויך דערציילן פאַר צילקען מעשיות פון די גימנאַזיסטן. צילקע פלעגט אַלץ אויסהערן און שמייכלען. געדאַכט האָט זיך דעמלט, אַז זי האָט עפּעס אַנדערע געדאַנקען, אַז זי איז ווייט פון דאַנעט.

פון צייט צו צייט פלעגט זיך צו די לוריעס אַריינרוקן אַ פּאָר פרעמדע אויגן, נייגעריקע אויגן פון אַ שכן, צי פון אַ ווייטן קרוב, און דערזעענדיק צילקען, פלעגט מען פרעגן:

—דאָס איז אייער שנור? פון וואַלד איז זי?

און אין שטאָט האָט מען שוין גערעדט, אַז זי איז זייער אַ באַחנטע, דעם „אויסלענדערס״ ווייבל, און אַז די גבירים, די לור-יעס האָבן זי זייער ליב באַקומען.

—אין אַ שמאַלץ-גרוב אַריינגעפאַלן...

—אַ גליקלעכער שידוך...

—אָבער דער „סאַשקע״ האָט דעם גראָען קאַפּעליוש נישט אַוועקגעוואָרפן...

—אַזעלכן וועט אפילו דאָס שענסטע ווייב גאַנץ גיך דערעסן...

שטאָט האָט געהאַט וואָס צו רעדן אין די לאַנגע נעכט פון אָנפאַנג ווינטער, נאָר צילקע אַליין האָט די אַלע פרעמדע מענטשן נישט געקענט און נישט געוווּסט. זי איז מיטאַמאָל אַרומ-געריגגלט געוואָרן מיט אַ סך ליבע און איבערגעגעבנקייט, זי האָט זיך גיך צוגעבונדן צו די לוריעס.

און סאַשע...

אים האָט עס שטאַרק געפרייט, וואָס צילקע פאַרברענגט און לאַכט מיט „זיינע". וואָס מער מיט זיי—אַלץ ווייניקער מיט אים, און ער האָט ווידער געקענט גאַנץ רויק ליגן אין אַן אָפּ-געזונדערטן צימער אויף אַ ווייכער קאַנאַפּע און טראַכטן...

פון וואָס?

צום גרעסטן טייל פלעגט ער טאַקע טראַכטן פון צילקען...

וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז ער, סאַ-שע... ער, ער... זאָל אַוועקגיין מיט אַ מיידל צו אַ רב און אויף אייביק זיך פאַרבינדן.

עס איז דאָך, אָבער, יאָ געשען...

און אָן חרטה...

וואָס איז איצטער? צילקע האָט אין וואַלד געלאָזט אַ שטיק פון איר רייך, דאָרטן, צווישן די ביימער, ווו איר עכאָ האָט זיך דריימאָל איבערגעקייקלט, דאָרט, אַ באָרוועסע—פלעגן אירע אויגן אַזויפיל לעבן וואַרפן אין די שאָטנס... און דאָס לעבן האָט אים געפאַנגען...

איצטער...

ער וויל זיך דאָך פאָרט אין עפּעס מודה זיין: יענע פּע-דעם, וואָס האָבן זיך געשפּונען בלויז פון גרינעם אָפּגלאַנץ פון די סכך-נאָדלען מיט קלאַנגען פון וואַלדס-עכאָ, מיט דעם רויש פון אַ טייכל, וואָס וויס נאָר איין זאַך: לויפן, לויפן און רוישן... יענע פּעדעם, וואָס האָבן ווי מיט אַ סך זייד-קנוילן זיין נשמה פאַרזיימט, זיי האָבן זיך איבערגעריסן צוזאַמען מיטן זומער, וואָס איז אַוועק...

איצט האָט ער אַ ווייב. באַנאַכט שלאָפן זיי אין איין צי-מער און זי אַליין, די נאַאיווע, האָט אַנומלט געמאַכט אַ גרויסע אַנטדעקונג מיט איין קורצער פראַזע:

—דו ווייסט! — האָט זי דאַן געזאָגט צו סאַשען...

—וואָס, טייערע!

—אין וואַלד האָט זיך געשמאַקער געקושט.

—אַך, דו שטיפערקע!—ער האָט עס אויסגעלאַכט, נאָר שפּע-טער האָט ער זיך באַרעכנט, אַז זי איז גערעכט: אין וואַלד האָט

זיך טאַקע געשמאַקער געקושט, ער האָט געמיינט, אַז ער וועט פאַרברענט ווערן פון זיין ליידנשאַפט צו איר.

איצט...

אַלטע ביכער, וואָס ער האָט שוין זיי לאַנג פאַרגעסן און אויסגעלאַכט. ער האָט זיך גענומען צו זיינע אַלטע ביכער. וואָס עס פעלט אים נישט אַריין אין האַנט, אַלץ בלעטערט ער און לייענט. און דערעסן אים די ביכער — איז פאַראַן פאַר אים אַ צווייט פאַרגעניגן: ליגן און גלאָצן מיט די אויגן אויף די ווענט, ציילן די קוואַדראַטן אויף די טאַפּעטן און רייכערן.

און דאָס איבערראַשט שוין אַפילו דעם אַלטן לוריע, וועלכער איז שוין גוט צוגעוויינט צו זיין זונס „גענג".

— חתונה געהאַט און געבליבן דערזעלגער

סאַשען באַליידיקן דידאָזיקע פראַגן, נאָר ער פאַרשווייגט. ער פילט זיך שולדיק. ער ווייס, אַז ער איז שוין אַזאַ פאַרפאַלענער ליידיקגייער און ער דאַנקט גאָט, אַז מען לאָזט אים אַליין.

דאָרט אין די צימערן לאַכט צילקע.

זאָל זי לאַכן!

אודאי האָט מען פאַר איר געבראַכט אַ נייע מתנה און זי פרייט זיך.

זי, צילקע, שפּרייזט אַרום אין די פרעמדע חדרים און האָט זיך נאָך אַלץ מורא. דאָ זענען אָנגעשטעלט טישעלעך מיט קרישטאָל, מיט וואַזעס... זי איז זייער פאָרזיכטיק, טאָמער וואַרפט זי עפּעס אום, טאָמער וועט זיך עפּעס צוברעכן.

העלאַ און סאַשעס מוטער לערנען איר איצט ווי צו האַלטן גאָפּלס־מעסער...

האָט זי דעמלט געלאַכט ביים עסן, בעת מען האָט איר אָנגעוויזן צום ערשטן מאָל, אַז אַזוי האַלט מען נישט קיין גאָפּל. זי פאָלגט און איז זייער אַ גוטע שילערין: איינמאָל געהערט — און שוין געדענקט זי אויף שטענדיק.

און דאָך אַזוי אַרומגערינגלט מיט ליבע און איבערגעגעבנקייט, דערשרעקט זי זיך אָפט און נעמט וואַרפן מיט די אויגן אין אַלע זייטן. קוקט אָן די אַלע, וואָס זיצן נעבן איר

ווי פרעמדע און רופט אויס:

—ווו איז סאַשע? סאַשע ווו איז?

ער איז אין צימער נישטאָ, לויפט זי אין די איבעריקע חדרים אים זוכן און געפינט אים ערגעץ אויף אַ קאַנאַפּע.

—סאַשע, פאַרוואָס ביסטו אַליין! פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן פון אונז?

—קינד, איך בין נישט אַנטלאָפן, איך האָב ליב אַזוי צו טראַכטן אָפּגעזונדערט.

קוקט זי אים אָן און קוקט אין זיך אַריין: אפשר האָט זי מיט עפּעס געזינדיקט? אפשר צופיל געלאַכט? אפשר זיך נישט גוט געהאַלטן? און דערפאַר איז ער, דער סאַשע, איצט אַזאַ פרעמ־דער, אַזאַ קאַלטער...

—סאַשע, — בעט זי זיך ביי אים, — זיי נישט אַזאַ...

—ווי „אַזאַ"?—פרעגט ער...

ווייסט זי נישט, ווי אים דאָס געבן צו פאַרשטיין, פּלאָנטערט זי מיטן צונג און ווערט טרויעריק.

כאַפּט זיך דעמלט סאַשע, אַז ער איז שוין צו ווייט אַוועק, ער איז שוין צו זיכער ביי זיך געוואָרן און גאָר פאַרגעסן, ווי ער איז דאָ אין דער וועלט.

אַ ווייב האָט ער, ער איז ביים רב געווען אין מסטיבאָווע... די פריילעכע צילקע פון וואַלד. זי האָט אַזעלכע שטייפע אָרעמס און אַזאַ נאַאיווע נשמה, זי האָט אים אַזויפיל געגעבן אין די זומער־טעג אין וואַלד.

און ער האָט זי פון וואַלד צוגענומען, אין שטאָט צו זיי־נע קרובים געבראַכט און אַלע קוקן אויף אים און צווינגען אים מיט ווערטער און מיט שווייגן, אַז די צילקע מוז ווערן ביי אים דער עיקר...

דער עיקר.

עס קוקט אים אַריין אין די אויגן, שטרעקט אויס צו אים שלאַנקע, שטייפע הענט, רעדט צו אים, וועקט אים, טרייסלט און לאָזט אים אַ רגע אַליין נישט זיין.

און פאָדערט...

ליבע, אויפמערקזאַמקייט, צערטלעכקייטן און ווערטער, ווערטער.

ער זאָל רעדן, ער זאָל עפּעס דערציילן.

און אַ סך מאָל דערמאַנט ער זיך אין אַזעלכע רגע׳ס אַ באַרג ערגעץ אין דער שווייץ. ער טיילט זיך אָפּ פון אַלעמען און קריכט אַלץ העכער, ווייטער, איינער אַליין צווישן די פעלזן. און מעג ער ביזן הימל דערקריכן, און מעג ער אין אַ טאָל זיך אַראָפּשעדיקן — קיינעם וועט עס נישט אָנגיין און קיינער וועט אים נישט נאָכגיין.

און אָט דאָ אַנטלויפט ער אויף אַ האַלבער שעה אין אַ באַזונדערן צימער און זי איז שוין נעבן אים.

די גוטע, די דרייסטע, די נאַאיווע צילקע.

די, וואָס האָט אים אַלץ אָפּגעגעבן און פאָדערט דערפאַר אַלץ פון אים...

ער ראַנגלט זיך און דערשטיקט יעדעס מאָל אין זיך זיין כעס, זיין אומגעדולד, און אָנשטאָט בייז צו ווערן, נעמט ער זי גלעטן, טרייסטן, ביז ער באַרויקט זי און באַרויקט זיך אַליין.

עס איז דאָך געוויס גוט אַריינצוקוקן אין אירע אויגן, דערפילן איר צאַפּלדיקן קערפּער און עס פאַרגעסט זיך אַלץ.

און עס דערמאַנט זיך ווידער דער וואַלד. זייערע געמיינזאַמע נעכט מיט אירע צעפּאַלענע האָר, וועלכע שמעקן נאָך אַלץ מיט פעך...

— מיר האָט זיך אויסגעדוכט איצט, אַז איך בין נאָך אין וואַלד.

— און מיר אויך, צילקע!

— דאָרטן האַקט מען שוין אודאי די ביימער אויס.

— ס׳קאָן זיין...

— און די צווילינג-סאָסנע וועלן זיי אויסהאַקן?

— אודאי.

— און די מומע ניכע בענקט דאָרט געוויס אין מסטיבאָווע... זי וויינט, די אַלטע.

— אַלטע לייט האָבן הנאה פון טרערן...

—און דער טאַטע, סאַשע! פאַרוואָס קומט קיינמאָל נישט דער טאַטע מיינער אַהער?

—ער פילט זיך זינדיק אַנטקייגן זיין בעל-הבית, פונקט, ווי ער וואָלט מיט מיר החונה געהאַט נישט דו!—

פאַלט אַרויס פון צילקעס האַרץ אַ טרויעריקער „אוי" און ווערט פאַרלוירן אין דעם טונקל פון חדר.

סאַשע פאַרטראַכט זיך. אין דעם דערהערט זיך העלעס קול:

-צילקע, צילקע!

און צילקע לויפט שוין מיט אימפעט צו איר נייער חברטע, צו העלען, און לאָזט סאַשען אַליין.

אויף דער גאַס רעגנט און שנייט אינאיינעם. עפעס איז זי אַזוי קליין געוואָרן, די גראָדנע מיט די קרעמעלעך, מיט די מענטשע-לעך. און אַלע דערעסן: דער טאַטע, וואָס האָט איצט געטאָפּלט זיינע פּרעטענזיעס צו סאַשען און די מאַמע, וואָס האַלט זיך אין איין פּוצן אין נייער צירונג.

אין אַזאַ ערב-אָוונט איז סאַשע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און האָט דורכגעשפּאַצירט די סאָבאָרנע גאַס מיט אירע שמאָלע טראָטואַרלעך.

פּלוצלונג האָט ער דערהערט דאָס קלאַפּן פון די ביליאַרד-קוילן. איז ער אַריין אין קאַטאָווסקעס צוקערניע, בלויז אַ קוק טון, ווי חברה שפּילט ביליאַרד...

און פון דעמלט אָן איז אַוועק אַ סדרה ביליאַרד.

—ווו איז סאַשע?

—ביי קאַטאָווסקען.

—וואָס טוט סאַשע?

—שפּילט ביליאַרד...

און די שטעקנס מיטן קרייד, דער גרינער טיש מיט די „פּינפן", מיט די „צוועלפן", „דרייצנס" און „פופצנס" האָבן איצט פאַרנומען זיין גאַנצן טאָג.

אין שטוב האָט מען עס שוין באַמערקט. דער טאַטע האָט געוואָלט ווירקן מיט דעם שטאַרקסטן אַרגומענט:

-סאַשע, וואָס לאָזטו דיין יונג ווייב אַליין?

—וואָס? איך זאָל זי אומעטום מיטנעמען...
—סאַשע, מענטשן לאַכן פון אונז...
—און איך לאַך פון מענטשן.
אָט אַזוי. פאַררייכערט אַ ציגאַר, אָנגעטון דעם גראָען קאַ-פעליוש און שוין ווידער צו קאַטאָוסקען.
און מיט וועמען שפילט ער דאָרטן? מיט אַראָפּגעלאָזטע מענטשן, מיט אַ פאַרשיכורטן „טשינאָווניק", מיט אַ שווייצער פון האָטעל... מיט וועמען?
—און צוליב דעם האָט מען באַדאַרפט פאָרן אין די „אויס-לאַנדס?"
—זיין געבילדעט צוליב דעם?
—האָבן אַזאַ טאַטן מיט יחוס און געלט?
—חתונה האָבן מיט אַן אומשולדיק קינד פון וואַלד?
מענטשן האָבן געהאַט וואָס צו רעדן און זיי האָבן גערעדט. און סאַשע האָט, ווי אויף צו רייצן זיך מיט אַלעמען, געשפּילט און געקלאַפּט מיט די שטעקנס. זיינע פאַרטנערן האָבן אים גוט אַרומגענומען. אַזאַ פישעלע כאַפּט זיך נישט יעדן טאָג.
אין דערהיים זענען אַלע געווען אויפגערעגט אויף סאַשען פאַר זיין „ביליאַרד", דערפאַר ווייל ער האָט צילקען געלאָזט אַליין, און פון צילקען האָט מען פאַרבאָרגן די אמתע סיבה פון סאַשעס אַוועקגיין...
—ער גייט אין קאַנטאָר, אין טאַטנס קאַנטאָר גייט ער אַר-בעטן...
און סאַשע אַליין האָט עס באַשטעטיקט, ווען זי האָט אים איינמאָל געפרעגט וועגן זיין אַרבעט אין קאַנטאָר.
—יאָ, יאָ, אין קאַנטאָר ביים טאַטן.
דערנאָך האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסן: ער זאָל באַדאַרפן זאָגן ליגן, און וועמען? צילקען, וועלכע גלייבט אַלץ, וואָס מען זאָגט איר. דאָס האָט אים שטאַרק געקרענקט און דענערווירט. דערדאָזיקער ליגן האָט אים עפּעס קלענער געמאַכט, יינגלשער, און ער האָט גענומען אַלץ מער אַנטלויפן פון דערהיים, כּון זיך אַליין...

וואָס לענגער עס האָט געדויערט, וואָס מער טעג עס זענען אַוועק, אַלץ ווייניקער איז געבליבן פון וואַלד, פון דער פאַר-שיכּורונג.

צילקע...

זי איז נאָך דיזעלבע?

נאָר נישט אַלעמאָל קאָן ער רעדן מיט איר. אַמאָל דוכט זיך אים אויס, אַז ער איז פיל-פיל עלטער פאַר איר...

און עס דערעסט:

שטענדיק זוכן ספּעציעלע ווערטער, צופּאַסן זיך צו איר שׂכל, צו איר קאַפּריז...

און מיטאַמאָל באַקומט ער צו איר גרויס רחמנות: וואָס איז זי שולדיק? ער איז צו איר אין וואַלד געקומען און גוטע, טייערע ווערטער צו איר גערעדט, — איז זי, די אייביק איינזאַמע, צו אים צוגעפאַלן און איר גאַנצע פאַרטרויונג אים אָפּגעגעבן.

זוכט ער אויס די בעסטע ווערטער, גלעט און קושט איר, זיצט און פאַרברענגט מיט איר שעה׳ן לאַנג. זיך אַליין באַגראָבט ער ערגעץ טיף, פאַרטעמפּט מיט געוואַלט די שאַרפן פון זיין אומרו און לאַנגווייליקייט.

יינגט ער דאָן, שפּילט קלאַוויר, כאַפּט זיך צו צו צילקען און קושט איר אַזוי־וי אַמאָל, טראָגט זי אַרום אויף די הענט פון איין צימער אין צווייטן.

טאַטע-מאַמע קלייבן נחת פון זייער בן־יחיד. פאָרט דער-לעבט אַביסל נחת.

און ער ווערט שוין אָפּגעקילט און פאַרשעלט אין האַרץ די גאַנצע גראָדנע מיטן נודנעם הערבסט. ער וואַרט נאָר די גע-לעגנהייט, די מינוט, ער זאָל זיך שוין קאָנען אַרויסרייסן...

און ער איילט שוין צו קאַטאָווסקען, צום בּיליאַרד.

די לאַנגע שטעקנס שעמערירן ווי גרויסע ליכט אין האַלב טונקעלן צימער. דער גרינער טיש לייכט ווי אַ שטיק לאָנקע, און די שווערע קוילן קלאַפּן טעמפּ, פאַרהילכן אַלע געדאַנקען, אַלע באַוועגונגען פון געוויסן.

אַמאָל טרעפט, אַז ער בלייבט דאָרט ביז שפּעט אין דער

גאַכט און צילקע פרעגט ביי די שטוביקע:

—אַזוי שפעט אַרבעט מען אין קאַנטאָר? צו וואָס אַרבעט ער אַזויפיל, סאַשע?

שיקט מען שוין אַ שליח נאָך אים:

— צילקע איז אומרויק.

—האַ! וועלכע צילקע? וואָס פאַר אַ צילקע? ווער רופט אים, ווער צווינגט אים? — דערלאַנגט אַ שמיץ דעם שטעקן אָן דר'ערד און גייט אַהיים אַ בייזער, אַ שווערער.

און בעת צילקע פרעגט אים דערנאָך אין שלאָף-צימער, צוליב וואָס ער אַרבעט אַזויפיל אין קאַנטאָר, זאָגט ער איר אויס דעם אמת:

—וואָס קאַנטאָר! איך גיי נישט אין קאַנטאָר, אין ביליאַרד האָב איך געשפילט, פאַרשטייסט!

אין ביליאַרד...

האָט ער איצט אַ נייע אַרבעט סאַשע: צילקע ווייסט נישט, וואָס דאָס איז אַזוינס ביליאַרד. בייזערנדיק און שמייכלענדיק דער-קלערט ער איר געניי די שפּיל מיט די שטעקנס און מיטן קוילן אויפן גרינעם טיש.

פאַראינטערעסירט זי זיך, פאַרקלערט זיך און נעמט זיך בייזערן אויף סאַשען:

—פאַרוואָס נעמסטו מיך נישט מיט אַהינצו. איך וואָלט אויך געשפּילט און איך וואָלט נישט געבענקט נאָך דיר אַזוי.

שיין וואָלט עס געווען, — טראַכט סאַשע, — ווען אַזאַ פּאָרל, ווי ער מיט צילקען, וואָלטן זיך ביידע אַראָפּגעלאָזט צו קאַטאָוו-סקען אין צוקערניע קלאַפּן מיט די שטעקנס...

צילקע האָט עפּטער אויפגעהויבן די אויגן און געזוכט סאַ-שען אין די צימערן און ער איז אַלץ עפּטער פאַרשוווּנדן גע-וואָרן. דערזעט זי, אַז ער איז שוין נישטאָ, באַהאַלט זי זיך ביי זיך אין חדר, זעצט זיך אַוועק ביים פענסטער און קלערט

פאַרוואָס איז ער דאַן אַזוי גוט געווען אין וואַלד?

פאַרוואָס אַנטלויפט ער איצט סאַשע?

אויף דער גאַס ליגט שוין שניי און זי דערמאָנט זיך די

אמאַליקע ווינטערן, די שטעגן, וואָס זי אַליין פלעגט אויסטרעטן פון וואַלד ביז מסטיבאָווע, די ווייסע ברייטקייט, וואָס פלעגט ליגן אויף די פעלדער אַרום, די צוגעמאַכטע טירן אין מסטיבאָווע, פון וועלכע אַ געדיכטע פּאַרע שלאָגט אַרויס, די פעדערן, די מייד-לעך מיט די לידער...

עס קלאַפּט ביי איר דאָס האַרץ פון די אַלע ערינערונגען, און דאָ איז אַזוי ענג אין גראָדנע. קליידלעך, שיכלעך האָבן זיי איר אָנגעקויפט, מען האָט זי ליב, דער אַלטער לוריע זעצט זי אָפּט אַוועק צו זיך אויף די קני און גלעט אירע האָר און רעדט און לאַכט:

—אַזאַ מיידל פון וואַלד האָט מיין סאַשען אין בעצעלע געכאַפּט...

—אַזאַ שטיפערקע, ווער וואָלט זיך דאָס געריכט!

און העלאַ פאַלט עטלעכע מאָל אַ טאָג צו צו איר און קושט זי הייס...

—דו ווייסט, — זאָגט העלאַ, — ביסט אַזאַ געשמאַקע, עס איז גוט דיך צו קושן.

נאָר סאַשע איז נישטאָ, ער זעגנט זיך מיט קיינעם נישט און גנבעט זיך אַרויס.

קיינער וואַגט אים קיין וואָרט נישט צו זאָגן.

פון אַ סך יאָרן איז שוין אַזוי: סאַשען טאָר מען גאָרנישט זאָגן. מען טאָר אים נישט לערנען. ער ווערט בייז און אַלע ווערן צוליב זיין בייזקייט אַזוי שווייגנדיק, ווי וואָלקנס וואָלטן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף לוריעס שטוב.

איינמאָל האָט צילקע זיך אָנגעטאָן אין איר נייעם ווינטער-מאַנטל.

—וווהין גייסטו? – האָט פרוי לוריע געפרעגט.

—דורכגיין זיך אַביסל...

„זי ווערט אַ מענטש“— האָט פרוי לוריע געטראַכט —„זי גייט שוין אַליין אַרויס שפּאַצירן.“

נאָר צילקע איז געגאַנגען זוכן סאַשען, זי האָט זיך נאָכ-געפרעגט און האָט געפונען קאַטאָווסקעס צוקערניע. זי איז אַריין

אין אַ גרויסן אָנגערייכּערטן צימער, ווו איר סאַשע מיט נאָך מענטשן זענען געשטאַנען מיט גרויסע שטעקנס און שווייגנדיק געשפּילט מיט די קוילן.

ער האָט זי צוערשט נישט באַמערקט אין דעם נעבל פון רויך. מיטאַמאָל האָט ער זי דערזען ביי דער טיר.

אירע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט אַזוי דייטלעך, ליכטיק: די בליקן אירע האָבן זיך אָפּגעטיילט פון דער גאַנצער צילקע, וועלכע האָט איצט געטראָגן נייע שטאָטישע בגדים.

דער וואַלד...

דער גאַנצער זומער, דער פאַרגאַנגענער, האָט אַ קוק געטון אויף סאַשען און עפּעס געפאָדערט, געשטראָפט און זיך געבעטן...

דער שטעקן איז געבליבן פאַרגליווערט אין זיינע הענט. די איבעריקע שפּילערס האָבן זיך אַרומגעקוקט:

—דאָס איז זיין ווייבל, — האָט איינער געזאָגט.

—זי גייט אים שוין נאָך.

—צו וואָס האָט ער חתונה געהאַט, — דער אידיאָט!

סאַשע האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק דידאָזיקע שטעכווערטלעך. ער איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט: עס איז אים געגאַנגען אין אַמביציע, נישט געוואָלט האָט ער ווייזן, אַז ער איז אָפּהענגיק פון וועמען, אַז אים שטערט מען צו טון דאָס, וואָס ער וויל...

אָבער צילקע האָט געקוקט מיט אויגן, אין וועלכע בקשה האָט זיך געראַנגלט מיט כּעס. און ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון אין דער רגע... אויפהערן צו שפּילן, אָדער קלאַפּן ווייטער מיטן שטעקן.

זי איז געשטאַנען ביי דער טיר און אַרומגעקוקט זיך אין צימער, באַטראַכט די מענטשן און צו סאַשען זיך געווענדעט:

—שפּיל, סאַשע, איך וועל זיך צוקוקן.

סאַשע האָט געשטעלט שווערע טריט, דער שטעקן האָט געציטערט ביי אים אין די הענט...

איך וועל שוין מאָרגן ענדיקן די פּאַרטיע, — האָט ער האַסטיק אַרויסגערעדט און גענומען אָנטאָן דעם פּאַלטן...

—קום, צילקע!

זיי זענען אַרויסגעגאַנגען ביידע שווייגנדיקע. זי — אַזאַ פאַר־לוירענע ביי זיך, אַן אָנגעשראָקענע... ער — אַ בייזער. און וואָס ווייטער זיי זענען געגאַנגען און וואָס מער זיי האָבן געשוויגן, אַלץ גרעסער איז זיין כּעס געוואָרן...

פּלוצלונג האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן אַ פראַזע, וועלכע סאַשע האָט דערנאָך שטאַרק באַדויערט:

—וואָס האָסטו זיך אָנגעטשעפּעט? וואס ווילט איר אַלע פון מיר?

—וואָס? וואָס?

זי האָט עס נישט געפרעגט, נאָר אַ פּאָר גרויסע אויגן האָט זי אָנגעשטעלט אויף סאַשען. צו איר רעדט ער אַזעלכע ווער־טער, אויף איר שרייט ער אַזוי? זי איז געבליבן שטיין נישט ווייט פון לוריעס הויז. ווי פאַרגליווערט איז זי געבליבן שטיין. קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט, קיין פינטל מיט די אויגן נישט געטון. און אַ לייכט שנייעלע איז לאַנגזאַם געפאַלן אויף איר, אויף סאַשען און אויף דער גאַנצער גאַס... געפאַלן לייכט, כּמעט שטיפעריש. אין וואַלד, אין רויקן, פלעגט אויך אַזאַ שנייעלע פאַלן, און זי פלעגט ליב האָבן צו שטיין אין אַזעלכע שעה׳ן אויף דעם גאַניקל פון הויז און האָרכן, ווי דער ווייסער וואַלד שווייגט.

סאַשע האָט אויף איר געקוקט, דער כּעס איז אים אָפּגע־גאַנגען און ער האָט שוין צו צילקען געפילט אַזאַ גוטן רחמנות: פאַרוואָס האָט ער זי באַליידיקט? וואָס איז זי שולדיק?

—קום אַריין אין שטוב, ס׳איז דאָך קאַלט, צילקע!

זי האָט נישט געענטפערט.

—קום אַריין אין שטוב, צילקע!

זי האָט געקוקט אין דער ווייטער ווייסער גאַס אַריין און געשוויגן.

סאַשע האָט זי אונטערן אָרעם גענומען און אַריינגעפירט אין שטוב...

און אָפּגעזעסן איז ער לעם איר דעמדאָזיקן אָוונט.

גערעדט צו איר, געבעטן זי זאָל אים מוחל זיין. זי האָט נישט געענטפערט. האָט ער איר האַנט אָנגענומען און געדריקט. נאָר איר האַנט איז אַזוי ווי אָפּגעשטאָרבן געווען.

האָט ער צוגעלייגט זיינע ליפּן צו אירע, געקושט זיי, נאָר אירע ליפּן זענען געבליבן קאַלט.

און דערפילט האָט סאַשע, אַז עפּעס איז מיט איר געשען און אַז דאָס פּלוצלונגדיקע עקשנות וועט זיך אַזוי גיך נישט ענ-דיקן. זיי זענען ביידע נישט געגאַנגען עסן און ביידע האָבן זיך נישט אויסגעטון אַ גאַנצע נאַכט. זי איז געשלאָפן אומרויִק און ער איז געזעסן און געטראַכט.

אויסגעדוכט האָט זיך אים, אַז היינט האָט ער זי פאַר-לוירן.

מיט דעם איינעם אויסגעשריי, וואָס ער האָט צו איר געטון אַרויסגייענדיק פון קאַטאָווסקעס צוקערניע...

מיט דער איינער באַליידיקונג.

ער האָט שטאַרק חרטה געהאַט. זיין פרייהייט, זיין אומ-אָפּהענגיקייט, זיין אויסלאַנד, ביליאַרד, קאָרטן, זיינע אַלע רייזעס מיט די אויסלענדישע זשורנאַלן...

דאָס האָט אים אַלץ אַזוי קליינלעך, אַזוי אָרעם אויסגעזען אַנטקעגן צילקעס אָפענעם שמייכל, וואָס זי האָט צו אים שטענ-דיק געטראָגן אין אירע ליכטיקע אויגן.

דאָס וואָס היינט באַטאָג, דאָס וואָס נעכטן און אייערנעכטן האָט אים אַזוי געשראָקן.

אַז זי צילקע איז געוואָרן ביי אים דער עיקר, פאַר וועל-כער ער האָט אַזוי מורא געהאַט זיין גאַנץ לעבן, איצט האָט אים דאָס נישט אויסגעזען שרעקלעך.

איצט האָט ער זי פון שלאָף געוואָלט אויפוועקן און רעדן צו איר, אויסזאָגן, אַז זי איז טאַקע ביי אים דער עיקר.

נאָר זי איז געשלאָפן אין די קליידער אַ ברוגזע, אַ באַליי-דיקטע, אַ פרעמדע.

דער טאָג איז געקומען.

צילקע האָט צו קיינעם נישט געוואָלט אַרויסגיין.

—וואָס איז איר? נישט געזונט? אפשר רופן אַ דאָקטאָר?

מיט גרויס מי האָט מען זיך ביי איר איינגעבעטן, זי זאָל עפּעס אָפּעסן, נאָר צום אַלגעמיינעם טיש האָט זי פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט גיין.

יעדע רגע איז צו איר אַ צווייטער אַריינגעקומען: דער אַלטער לוריע, זיין פרוי, העלאַ...

און יעדערער פון זיי האָט געטראָגן גוטע ווערטער און פאַר־לאַנגען פאַר איר. זי האָט זיך נישט אָפּגערופן. פונקט ווי אַ בלום, וואָס הערט אויף צו בליען — אַזוי האָט זי אויפגעהערט צו שמייכ־לען און פרייען אַלעמען מיט איר בליק, ווי פריער, ווי שטענדיק.

—צילקע, וואָס איז דיר?

—גאָרנישט...

—וואָס ווילסטו?

—גאָרנישט...

און דער „גאָרנישט" פלעגט פאַלן אַזוי האָפנונגסלאָז, אַזוי אָנגעווייטיקט...

און צו סאַשען איז מען צוגעשטאַנען:

—האָסט זי אפשר באַליידיקט?

—איין וואָרט האָב איך צו איר צו הויך געזאָגט, איז זי ברוגז געוואָרן.

צו קאָטאָווסקען איז ער שוין מער נישט געגאַנגען, ער האָט אויך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז אַרומגעגאַנגען איבער די צימערן פון זייער רייכער שטוב אַ בייזער, אַן אומצופרי־דענער.

אין שטאָט האָט מען גערעדט:

—אַז ביי די לוריעס, דאָס יונגע ווייבל...

—איז געוואָרן מעלאַנכאָליש...

—אַז דאָס יונגע בעל-הביתל...

—האָט מער ליב דעם ביליאַרד, ווי זיין ווייב, ווי טאַטע־מאַמע.

שעה'ן לאַנג פלעגט זי אָפּשטיין, צילקע, ביים פענסטער און קוקן ווי שניי פאַלט, ווי וויים ער שטראַלט אין דער נשמה

אַריין דער שניי און געזען האָט זי אויך, ווי מענטשן צוטרעטן די ווייסקייט

וואָס האָט זי געטראַכט אין די שעה'ן? קיינער האָט נישט געוווּסט, כאָטש אַלע האָבן געליטן פון דעם, זי איז זיי טאַקע זייער געוואָרן, ווי אַ קינד, די צילקע, און אַז אַ קינד פאַרטרויערט זיך, פאַלט אויף אַלעמען דער אומעטיקער שאָטן.

דער אַלטער לוריע, האָט אין אַ וויץ געזאָגט, אַז דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון בוים — און צילקע ווערט זייער ענ-לעך צו איר שווייגנדיקן טאַטן.

אָבער פריער האָט זי דאָך אַזוי קלינגענדיק געלאַכט.

און אַזעלכע נאַיווע פראַגן פלעגט זי שטעלן, פון וואָס אַלע האָבן אַזוי גוטמוטיק געלאַכט.

איצט גייט זי נישט אַרויס פון איר צימער, וויל נישט אָנטאָן קיין נײַ קליידל, און די צירונג, וואָס זי האָט באַקומען, די אַלע מתנות וואַלגערן זיך אַרום אָן אַ בעל-הבית...

איסר האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין טאָכטער איז נישט „מיט אַלעמען" — איז ער געקומען קיין גראָדנע. פריער האָט ער זיך נישט געוואָלט באַווייזן, ווייל ער האָט זיך שטאַרק שולדיק גע-פילט קעגן די לוריעס...

דערפאַר ווייל זיין טאָכטער האָט אין די הייסע זומער-טעג...

איצט, — ער איז געשטאַנען אַנטקעגן איר און געקוקט פאַר-טרויערט אויף איר בלייך פּנים.

— דיר איז דאָ שלעכט, צילקע!

— זיי האָבן דיך דאָך ליב, די לוריעס!

זי האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר טרערן זענען געפאַלן פון אירע אויגן.

איסר איז אַוועקגעפאָרן צו זיינע שווייגנדיקע וועלדער און דאָס שווייגעניש האָט זיך אויך אַריינגעכאַפּט צו די לוריעס אין שטוב.

סאַשע האָט זיך געוואַלגערט אין אַ באַזונדער צימער מיט די ביכער זיינע.

העלאַ האָט אויפגעהערט צו זינגען און צו שפּילן קלאַוויר. טאַטע-מאַמע זענען אין כּעס אויף זייער זון, און דער זון

איז אין כּעס אויף דער גאַנצער וועלט...

און אויסגעדוכט האָט זיך, אַז ווען צילקע, איין צילקע...
זי באַדאַרף נאָר אַרויסגיין פון איר צימער און אַ שמייכל
טון — וועט אַלץ צוריק אָפּלעבן

זי האָט אָבער געשוויגן.

ווי אַ פרעמדע, ווי אַ שטאָלצע געפאַנגענע בת-מלכּה... דאָס באַרוועסע מיידל פון וואַלד, וואָס איז צופעליק אַריינגעפאַלן צו די יחסנים...

זי האָט כּסדר געשוויגן...

## IX

## אין מסטיבאָרע...

דער שאָסיי־וועכטער איוואַן פלעגט זייער אָפט אַריינקומען צו דער מומע ניכע, וועלכע האָט איצט געלעבט אין מסטיבאָווע אין באַראַשעס הויז. צוויי גרויסע אויסגעקאַלכטע צימערן זענען דאָרט געווען. ווארעם און ציכטיק אויפגערוימט. דאָס ביסל קו־פער איז געהאָנגען אויף די ווענט, דאָס ווייסע בעטגעוואַנט האָט געלויכטן.

איסר פלעגט זיך אַראָפּכאַפּן פון סוויסלאָטש אויף יעדן שבת, ער פלעגט גיין דאַווגען און אַמאָל רעדן מיט באַראַשען. די צוויי אַלטע, ניכע און איסר, האָבן געלעבט רויק און שווייגנדיק.

און צילקע איז געווען „דאָרטן“.

נאָר ווען דער שאָסיי־וועכטער איוואַן איז צום לעצטן מאָל געקומען אין מסטיבאָווע און איז אַריין צו ניכען, האָט ער דער־זען אַ פּאָר באַקאַנטע אויגן

וואָס ער געדענקט זיי נאָך פון יאָרן־לאַנג צוריק.

צילקע.

פון וואַנעט האָט זי זיך דאָ גענומען, דעם יונגן זוריעס ווייבל? וואָס טוט זי דאָ, וואָס איז זי אַזוי בלייך?

ער האָט אויסגעשטרעקט צו איר די האַנט, זי האָט אים געענטפערט מיט אַ שמייכל.

—ניכע! — האָט זיך איוואַן אָפּגערופן צו דער אַלטער.

—וואָס?

—וואָס טוט זי דאָ, צילקע?

—ש-ש-שאַ...

די אַלטע האָט אַ ווינק געטון צו איוואַנען און איז מיט אים אַריין אין צווייטן חדר.

—רעד נישט, איוואַן, שרעק זי נישט...

—וואָס איז געשען?

—דו געדענקסט, אַז זי איז שוין איינמאָל אַנטלאָפן פון גראָדנע. אַ קליין מיידעלע איז זי דאַן געווען, געדענקסט? און איצט איז זי ווידער אַנטלאָפן. מיט צען טעג צוריק איז זי פון גראָדנע געקומען אַ דערפרוירענע, אַ שווייגנדיקע.

—אַנטלאָפן? פון גראָדנע אַנטלאָפן, פון מאַן, פון אַזאַ רייכקייט...

—ש-ש-שאַ...

איוואַן האָט זיך אַרויסגערוקט פון צימער. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איצט איז ער דאָ איבעריק.

יאָ, מיט צען טעג צוריק איז צילקע פלוצלונג געקומען. פאַרנאַכט איז דאָס געווען, האָט זיך די טיר געעפנט און אַזוי ווי אַ שאָטן איז זי אַריינגעקומען...

—צילקע! — האָט די מומע אויסגעשריגן. געדאַכט האָט זיך ניכען, אַז זי חלומט...

נאָר צילקע איז טאַקע געשטאַנען פאַר איר. אויפן האַלדז איז זי איר אַרומגעפאַלן און געקושט דער מומען און געוויינט.

—וואָס איז געשען? צוליב וואָס ביסטו געקומען?

—איך בין אַנטלאָפן... איך בין דאָרט אַ פרעמדע... איך וועל מער אַהינצו קיינמאָל נישט גיין.

—אָבער פאַרוואָס?

—פרעמד, פרעמד, אַלץ איז מיר דאָרט פרעמד געוואָרן... און מער האָט זי נישט גערעדט...

אין אַ טאָג שפּעטער איז געקומען דער אַלטער לוריע צו־פאָרן, ער אַליין איז געלאָפן זוכן זיין זונס ווייבל, וואָס האָט זיך אַרויסגעגנבעט און איז אַנטלאָפן.

און דערציילט האָט ער פּאַר ניכען, אַז סאַשע איז אַוועק־געפאָרן אויף אַ קורצער צייט קיין פּעטערבורג צוליב זיינע פּאַפּירן און אַז פּאַר זיין אַוועקפאָרן האָבן זיי זיך עפּעס צעווערטלט.

און פון דעמלט אָן איז זי שווייגעדיק געוואָרן...

מעלאַנכאָליש...

האָט אַוועקגעוואָרפן אַלע נייע קליידלעך און דאָס צירונג,

האָט כמעט גאָרנישט געגעסן...

און איז אַנטלאָפן.

צו צילקען איז ער צוגעגאַנגען, דער אַלטער לוריע, און גערעדט מיט איר, געבעטן זיך ביי איר, זי זאָל קיין גראָדנע פאָרן.

—איך וועל קיינמאָל מער אַהין נישט פאָרן.

—און סאַשען? ווילסט אים שוין מער נישט זען?

סאַשען...

זי האָט זיך אַזוי מאָדנע פאַרקלערט, עס איז געווען אַזאַ פריילעכער זומער, לעם טייכל איז ער מיט איר געלעגן גאַנצע נעכט, אַזעלכע גוטע רייד האָט זי פון אים געהערט, אויף די הענט האָט ער זי געטראָגן... עס זענען געווען אַזעלכע טייערע ליכטיקע טעג... דער וואַלד האָט טיף אין דער נשמה אַריינגע־זונגען... דעמלט, דעמלט...

איצט זיצט זי איינגעוויקלט אין דער מומעס פאַטשיילע און קוקט אַרויס פון פענסטער אויף די נידעריקע הייזלעך, וואָס שטייען, ווי מיט ווייסע קאָלדרעס אין שניי פאַרדעקט, און נאָך די הייזלעך זעען זיך וועלדער און אַ גרויס ענדלאָזן שטיק הימל...

—און סאַשען, ווילסט אים מער נישט זען? — דאָס פרעגט זי נאָכאַמאָל לוריע. און זי ענטפערט:

—איך ווייס נישט, איך ווייס גאָרנישט, איך וויל גאָרנישט...

דערנאָך שושקעט זיך לוריע אין דעם צווייטן חדר מיט

אין צוויי טעג אַרום קומט ער ווידער, און שוין נישט אַליין, מיט העלען. און ביידע רעדן זיי מיט צילקען, זי זאָל מיט זיי מיטפאָרן.

—ניין! — זי שאָקלט מיטן קאָפּ און שמייכלט אין זיך אַזוי פאַרטרויערט.

העלאַ דערציילט:

אַז פון סאַשען איז אָנגעקומען אַ בריף, ווו ער שרייבט, אַז ער קומט אינגיכן צוריק פון פעטערבורג, ער בעט, מען זאָל צילקען אָפּהיטן און ליב האָבן און אַז ער וועט קומען צו־ריק וועט ער זיין אַ גוטער, וועט זי קיינמאָל נישט באַליידיקן...

דער אַלטער לוריע גייט אַרויס פון צימער און צילקע בלייבט אַליין מיט העלען.

—מיין ברודער איז דאָך נישט קיין שלעכטער...

—ער האָט דאָך דיך ליב...

—ער וועט ווערן אַנדערש...

נאָר זיי פאָרן ביידע אַוועק צוריק קיין גראָדנע אָן ציל־קען... און לאָזן איבער צוטומלט דאָס שטעטל:

—וואָס קומט דאָ פאָר?

—פון גראָדנע איז זי אַנטלאָפן...

—פון מאַן...

—פון אַזאַ רייכקייט...

אין אַלע הייזער האָט מען זיך געשושקעט וועגן דער גע־שיכטע, אַזוי ווי אַ דונער וואָלט אין סאַמע ווינטער איבער די ווייסע דעכער אַ זעץ געגעבן...

—און די לוריעס אַליין... די לוריעס!

—זיי קומען אַראָפּ צו איר ווי צו אַ קייזערין...

—און בעטן זיך ביי איר...

—זי זאָל זיך זעצן אויף דעם טראָן...

—און זי שווייגט, וויל קיינעם נישט ענטפערן...

—אַ מאָדנע צילקע...

—אין וואַלד זיך אויסגעהאָדעוועט...

—ווייסט נישט וואָס גוט איז...

ווי אויף אַ געהיימעניש האָט מען געקוקט אויף באַראַשעס הויז, ווו די מומע ניכע האָט געלעבט. אָבער די מומע האָט פעסט געהאַלטן פאַרמאַכט די טיר און אַליין איז זי אויך צו קיינעם נישט געגאַנגען.

דאָס איז געשען אינמיטן ווינטער. די טעג זענען געווען ווייסע, זוניקע און די קאַלטע זון האָט זיך צושאָטן אין מיליאָנען בליצנדיקע פונקען. ווו אַ טראָפּן איז צושמאָלצן געוואָרן, ווערט עס באַלד פאַרגליווערט און בלייבט אַזוי לייכטן אַנטקייגן הימל...

האַ!...

פון צילקעס אַנטלויפן האָט זיך אויף דערוווּסט פרויקע באַראַש. ער איז שוין לאַנג אין דערהיים. דער טאַטע איז צו אים עטלעכע מאָל געפאָרן קיין וואָלקאָוויסק, ביז ער האָט אים אַראָפּגעבראַכט צו זיך קיין מסטיבאָווע.

און ער ווערט, דאַכט זיך, אַ מענטש...

פאַר דער גאַנצער צייט—קיין איין מאָל נישט געשיכורט... האָט מיט קיינעם נישט צו טון און העלפט דעם טאַטן.

איצט האָט ער אָנגעשטעלט די אויערן און שלינגט יעדע וואָרט, וואָס ער הערט וועגן צילקען...

אַנטלאָפן...

דער „אויסלענדער" האָט זי געמוזט באַליידיקן, אודאי אַזוי...

אין די צוגעמאַכטע צוויי חדרים האָט זיך צילקע לאַנגזאַם באַרויקט, עטלעכע מאָל האָט זי געוואָלט אָנהייבן רעדן מיט דער מומען און שטענדיק איבערגעריסן אין דערמיט.

—דו ווייסט מומע, דאָרט איז אַזוי ענג ביי די לוריעס, אַזוי ענג אין גראָדנע...

—קינד, זיי האָבן דאָרטן אַזאַ רייכקייט, אַזוי פיל חדרים.

—ניין, נישט דאָס, מומע! דאָרט איז ענג, עס האָט מיר לופט פאַרפעלט... אין וואַלד, ווו איך פלעג עפענען די טיר, האָב איך באַלד דערזען דעם וואַלד, דעם גרויסן, דעם געדיכטן און ווו עס האָט זיך מיר געוואָלט, האָב איך געקאָנט לויפן... אָבער

דאָרט, עפּנסט די טיר, איז באַלד נאָך אַ טיר און גאַסן מיט הייזער, גאַסן מיט הייזער, פרעמד — אַלץ פרעמד...

—אָבער פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן? האָסט דאָך ליב סאַשען...

—ער איז מיר פרעמד, מומע, נאָך אין וואַלד פלעגט ער אַ סך מאָל שווייגנדיק ווערן. און איך האָב זיך געשראָקן פאַר אים...

ביסלעכווייז האָט די מומע אַלץ ביי איר אַרויסגעקריגן, וועגן די ביכלעך, וואָס ער פלעגט כסדר לייענען, וועגן ביליאַרד, וועגן דעם, אַז ער האָט אויף איר געשריגן מיט כעס, געשריגן דערפאַר, ווייל זי איז אים נאָכגעגאַנגען.

—יאָ, מומע, צום אָנהייב האָט עס אַלץ געררייצט: אַלע האָבן מיך ליב געהאַט, קליידלעך נייע פאַר מיר גענייט, נאָר סאַשע האָט זיך פון מיר אַלץ מער אָפּגערוקט... איך האָב עס געזען און געפילט.

—און וואָס וועט איצטער זיין? דו ביסט דאָך זיין ווייב, אַז דו וועסט נישט פאָרן צוריק, וועט דאָס זיין אַ חרפה פאַר דיין טאַטן. און וואָס וועט פון דיר ווערן?..

—ניין, מומע, עס מעג זיך זיין, וואָס עס וויל, איך וועל מער קיין גראָדנע נישט פאָרן...

און שטיל ווערט אין צימער. אויפן גאַס פאַרגייט די ווינטער-זון. אַמאָל סקריפּעט אַ פור, אַ שליטן, קינדער שפּילן זיך מיט שניי, נאָר דאָס שרייען פון די קינדער, זייער לאַכן, איז נישט טומלדיק. די גרויסע שטילקייט פון די וועלדער און פעלדער שפּרייט זיך אויך אויס אויפן שטעטל... אַ קראָ פליט פאַרביי און קראָקעט אַריין איר „קראַ".

אַז דאָס לעבן איז בייז...

און אַז נאַכט און טויט וואַרטן אויף אַלעמען..

„קראַ!"

אין די הייזלעך צינדט מען אָן פייערלעך, אין די אייוועלעך קנאַקט דאָס האָלץ, מען פליקט ווידער פעדערן אין מסטיבאָווע, נאָר יעדע רגע רייסט זיך ווער אָפּ פון דער אַרבעט און מען דערמאָנט צילקען:

—נישט קיין גלייכער שידוך, מען האָט זיך געמעגט איף דעם ריכטן...

—אָבער אַזאַ רייכקייט...

—אַז מען האָט זיך ליב איז רייכקייט און אָרעמקייט אַלץ איינס.

—מען זאָגט, אַז זי וויל פאַר קיין פאַל נישט פאָרן צוריק...

—און דער אַלטער לוריע האָט געזאָגט פאַר זיין אַוועקפאָרן...

—אַז ער האָט נאָך אַזאַ פאַרעקשנטע נישט געזען...

דערנאָך פאַרגעסט מען אויף אַ קורצער צייט אָן צילקען. מען פליקט די פעדערן און מען זינגט זיך צו...

דאָס געזאַנג כאַפּט זיך אַרויס אויף דרויסן און דערגרייכט אויך אַמאָל צו צילקעס אויער... עס דערמאָנען זיך איר אַנדערע טעג, פריילעכערע מינוטן, זי האָט דעמלט אויך מורא געהאַט פאַרן טומל, פאַר די מענטשן.

שטענדיק האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז מען וויל זי אָפּנאַרן... זי וויקלט זיך שטאַרקער איין אין דער מומעס פאַטשיילע און טראַכט פון וואַלד.

מען האָט שוין אודאי אַלע ביימער אַוועקגעלייגט...

זי וועט אָפּוואַרטן אַביסל. און זי באַשליסט ביי זיך, אַז זי וועט גיין אין וואַלד צו זייער אַלטער היים אַ קוק טאָן, ווי דאָרט זעט איצט אַלץ אויס.

די מומע זיצט פון וויטן און וואַרפט פון צייט צו צייט אַ בליק אויף צילקען. דער אַלטער לוריע האָט געזאָגט, אַז זי איז מעלאַנכאָליש, מען טאָר זי נישט רייצן...

אויף שבת איז געקומען איסר. ער האָט שוין געוווּסט, אַז זיין טאָכטער איז אַנטלאָפן פון גראָדנע...

צו זיך אַליין האָט ער עפּעס אַ מורמל געטון, בעת ער האָט די בשורה דערהערט:

—נישט אויסגעהאַלטן, דאָס קינד האָט נישט אויסגעהאַלטן.

מענטשן האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס זיינע ווערטער באַדייטן. אויף שבת איז ער געקומען, ווי שטענדיק אַ שווייגעדיקער,

האָט צו צילקען געזאָגט עטלעכע ווערטער, זי זאָל זיין רויק, ער איז נישט בייז אויף איר. צילקע האָט זיך דאַן פונאַנדער־געוויינט און די מומע ניכע איז פון איר נישט אָפּגעטרעטן.

אַזוי זענען אַוועק עטלעכע וואָכן. פון גראָדנע זענען פאַר דער צייט געקומען עטלעכע שלוחים און זענען אַוועקגעפאָרן מיט גאָרנישט.

אין שטעטל האָט מען זיך אָנגעהויבן צוגעוויינען צו דעם געשעעניש.

עטלעכע שכנים זענען שוין אַריינגעקומען צו ניכען, גע־רעדט וועגן אַנדערע זאַכן און געכאַפּט אַ קוק אויף צילקען.

פרויקעס שוועסטער זענען אויך געקומען און מיט זיי איז צילקע געווען פריינטלעכער, גערעדט מיט זיי און אפילו דער־ציילט וועגן גראָדנע.

די שוועסטער האָבן דערנאָך דערציילט אין שטוב, וואָס זיי האָבן געהערט פון צילקען...

און פרויקע האָט אַלץ אויסגעהערט...

עפּעס אַ נייע פרייד האָט אים געפּאַנגען: צילקע האָט גע־זאָגט, אַז זי וועט שוין מער קיין גראָדנע נישט פאָרן...

און אַז צילקע זאָגט וועט זי שוין טאַקע מער נישט פאָרן. זי איז אַן איינגעשפּאַרטע — אַלע מענטשן, וואָס לעבן אין וואַלד זענען איינגעשפּאַרט — דאָס האָט אַמאָל זיין זיידע דער ניקאָלאַ־יעווער סאָלדאַט געזאָגט.

און ער האָט ווידער גענומען פוצן זיינע שטיוועלען, פרויקע.

און אַז ער פלעגט דערזען די מומע ניכע, פלעגט ער איר אַ ברייטן „גוט־מאָרגן" טראָגן אַנטקייגן...

צו די שוועסטער זיינע פלעגט ער שטענדיק זאָגן:

—גייט אַריין צו צילקען אַביסל, זי איז דאָך איינע אַליין.

און ווען די שוועסטער קומען צוריק פון דער צווייטער האַלבער שטוב, דרייט זיך פרויקע אַרום זיי, קוקט זיי אין די אויגן, לעכצט אַ וואָרט צו הערן פון זיי.

—זי איז גאָרנישט מעלאַנכאָליש, די צילקע, — זאָגט איין שוועסטער...

—זי האָט היינט געלאַכט און דערציילט פון די לוריעס,— זאָגט די צווייטע.

—דער אַלטער לוריע פלעגט איר אויף די קני צו זיך אַוועק־זעצן און רופן „קאָזקע". און אַלע האָבן זיי איר ליב געהאַט.

—טאָ פאַרוואָס איז זי אַנטלאָפן פון דאָרט? — פרעגט פרויקע.

ווייסן זיי דאָס נישט, די שוועסטער. פאַרוואָס זי איז אַנ־טלאָפן האָט צילקע נישט דערציילט. און וועגן סאַשען האָט זי אַ וואָרט נישט גערעדט...

נאָר די מומע ניכע דערציילט איצט פאַר מענטשן, אַז די יתומה האָט זיך נישט געקאָנט צוגעוויינען צום שטאָטישן לעבן און זי האָט זייער געבענקט...

אינגיכן דערהערט מען אונטערן פענסטער, ווו די מומע ניכע וווינט, צילקעס זינגענדיק קול...

זי זינגט שוין, זי איז שוין ווידער לעבעדיק.

די מומע ניכע האָט זיך געפרייט: צילקע וועט אינגאַנצן קומען צו זיך, זי וועט זיך באַרעכענען און קיין גראָדנע וועט זי אַוועק.

דערווייל פלעגן זיך שוין ביי צילקען צונויפזאַמלען אַלץ מער מיידלעך. עס האָט אַלעמען געצויגן צו איר אַ נייגעריקייט, אַ גרויסע נייגעריקייט...

אַוועקגייענדיק פון איר, פלעגן די חברטעס שטענדיק רעדן:

—געוואָרן גאָר אַן אַנדערע...

—בלייכער געוואָרן...

—אָבער נאָך שענער, ווי געווען...

—זי איז טאַקע אַ מאָדנע, גענומען און אַנטלאָפן פון מאַן, פון אַזאַ רייכע שטוב...

—זי וועט זיך אומקערן, וועט זיך אומקערן...

—ווער ווייס...

טעג זענען דערווייל געלאָפן און אויף די הייזער זענען געלעגן גרויסע קופּעס שניי, דער ווינט האָט זיי, די שנייקופּעס, דרייקאַנטיק געמאַכט און האַלב־רונד אויסגעבלאָזן. דער שניי האָט אין די הייזער אַריינגעקוקט און ליכטיקער איז אינעווייניק געווען־

אַ גרויסע ווייסע וועלט הענגט איבער די קליינע הייזער און איבער דעם נאָנטן בית-עולם. אָפט, זייער אָפט פאַלן צו צו אַ פענסטער אַ פּאָר העלע גרויסע אויגן און קוקן אומעטיק אויף דער גרויסער וועלט, אויף דער ווייסקייט...

צילקעס אויגן...

ווי זיי וואָלטן עפּעס וועלן פרעגן ביי דער גרויסער וועלט, ווי זיי וואָלטן טרייסט זוכן.

און דערפרייט האָט זי זיך צום ערשטן מאָל, ווען איוואַן, דער שאָסיי-וועכטער, איז ווידער געקומען צו זיי.

זי וועט גיין מיטן וועכטער אין וואַלד, אַ קוק טון אויף איר היים...

—וואָס וואַלד, ווו וואַלד ?..: צילקע, דיביימער זענען שוין כמעט אַלע אַוועקגעלייגט און די דריי הייזער שטייען פאַרקלאַפּ-טע, פאַרשאָטן מיט שניי.

נאָר זי האָט זיך געבעטן ביי איוואַנען און ביי דער מומע ניכע. זי וויל אַ קוק טון, ווי דאָס טייכל זעט איצט אויס, דעם שאָסיי וויל זי זען.

גוט !

אָבער, ווי וועט זי גיין אין אירע שטאָטישע שיכעלעך, וואָס זי האָט פון גראָדנע מיטגעבראַכט ? דער שניי ליגט דאָך אַזאַ געדיכטער.

—מומע, ווו זענען דעם טאַטנס אַלטע שטיוול...

—קינד, אין שטיוול וועסטו גיין ? דו מיינסט, ס'איז אַמאָל ?...

נאָר צילקע האָט שוין געזוכט אין אַלע ווינקעלעך. זי האָט דעם טאַטנס אַלטע שטיוול געפונען. דאָך, בעת זי האָט זיי גע-נומען אָנטאָן, האָבן זיך די הענט אירע אַראָפּגעלאָזט און אין האַרצן האָט עפּעס צוגעקלעמט : אַזוי גראָב און שווער זענען די שטיוול געווען און גראָדנע האָט שוין געהאַט אויף איר אַ ווירקונג...

זי האָט אַ זיפץ געטאָן און גלייך בייז אויף זיך אַליין געוואָרן.

אַ רגע — און זי איז שוין געווען אין דעם טאַטנס שטיוול, האָט זיך אַרומגעוויקלט אין דער מומעס פאַטשיילע און איז אַוועק

מיט איוואַנען...

דער שניי האָט שוין געהאַט יענע ווייכקייט, וואָס קומט פון די ערשטע וואַרעמע ווינטלעך, וועלכע כאַפּן זיך אין ווינטער אַריין פון ווייטן דרום און מאַכן לינד די לופט. דערצו האָט נאָך די זון ברייט געעפנט איר גרויס אויג און געשמאָלצן האָט זי דעם פראָסט מיט שאַרפע שטראַלן, איינגעגעבערט זיך דאָ און דאָרט, ביז דער טיפקייט, ביז דער שוואַרצער ערד. אויף די דעכער האָט זי געלעקט דעם פעסט איינגעלייגטן שניי, אַזוי אַז אַ דאַכעוווקע, אַ שינדל האָט זיך שוין אַרויסגעוויזן.

צילקע איז געגאַנגען מיט איוואַנען. זי האָט ברייט די אויגן געעפנט, און געדאַכט האָט זיך איר, אַז זי איז שוין דאָ לאַנג, לאַנג נישט געווען. פון דער ליכטיקייט האָט זיך איר געוואָלט נעמען שפּרינגען, פריילעך אַ קוויטש טון... צו וועמען? צו קיינעם נישט. צו וועמען שרייט דער פויגל, די קראָ? צו וועמען שרייט זומער אין וואַלד דער וועוורק? פאַר וועמען רוישט דאָס טייכל אייביק?

איוואַן האָט געקוקט אויף איר און געפילט אַ נאָענטקייט, אַ קרובהשאַפט צו דעמדאָזיקן מיידל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דעם זעלבן וואַלד, ווו ער האָט זיין לעבן אָפּגעלעבט. עס האָט אים גאָרנישט געוווּנדערט, וואָס זי איז אַזאַ, וואָס זי איז פון די לוריעס אַנטלאָפן: יעדערן ציט צו זיינס, און צילקע האָט זיך נישט געקאָנט איינלעבן אין דער ענגער שטאָט... איוואַן האָט עס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, כאָטש ער האָט געמיינט, אַז די ליבע צו סאַשע לוריע וועט זי יאָ איינהאַלטן.

און אַזוי גייענדיק און שווייגנדיק רייסט ער איבער מיטאַמאָל און פרעגט ביי צילקען:

—נאָך „אים״ בענקסטו נישט, צילקע?

—נאָך וועמען?

—סאַשען ווילט זיך דיר נישט זען? איר האָט דאָך אַזוי געלעבט דעם זומער, ווי די פייגעלעך.

צילקע פאַרטראַכט זיך. פאַר די אויגן שוועבט אַרויס דער רונדער סאַשע מיט זיינע שוואַרצע און אַזוי ווי איינגעדרימלטע

אויגן. אַ גוטער איז ער געווען, אויף די הענט האָט ער זי גע־
טראָגן און דאָך אַזאַ ווייטער, אַזאַ פרעמדער. ניין, זי בענקט
נישט נאָך אים, נאָר טיף אין האַרצן טוט עפּעס אַזוי וויי, ווי
מען וואָלט דאָרט איינגעשטאָכן מיט אַ שפּיז...

—לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן, איוואַן, דערציייל בעסער
וועגן וואַלד, ווי זעט עס דאָרטן אויס?

—אָט וועלן מיר באַלד קומען, וועסטו אַלץ אַליין זען.

גייען זיי און שווייגן. ער קוקט אויף איין זייט, זי—אויף
דער צווייטער, און ביידע זעען זיי נאַקעטע פעלדער אויסגעבעט
מיט ווייסקייט. בלויז אַ בערגל, אַ ביימל קוקט אַרויס עלנט, נישט
צוגעטוליעט...

צילקע קוקט איצט אין דער ווייט. שטענדיק אויף דעם אָרט
האָט זי שוין געזען דעם וואַלד, די וועלדער, אונטער וועלכע איר
היים איז געווען, די דריי הייזער פון די לוריעס מיט עטלעכע
שטאַלן, נאָר איצט זעט זי נישט דעם וואַלד. און פּלוצלונג שטויסט
זי זיך אָן אויף דעם ערשטן סקעלעט פון אַ בוים, אויף אַ צווייטן
סקעלעט... אַזעלכע לאַנגע-לאַנגע רונדע ביימער, האַלב פאַרשניי־
טע, צוימען זיי דעם פלאַך פון ווייסן וועג. דאָרט קוקן אַרויס,
ווי קליינע בענקעלעך, די וואָרצלען פון די אונטערגעזעגטע ביי־
מער, דאָ ליגט אַ גרויסע קופּע מיט שפּענער, מיט צווייגן, וואָס
זעט אויס, ווי אַ נעסט פון אַ גרויסער חיה און אַלץ איז פאַרשאָטן
מיט שניי, צוגעדעקט מיט ווינטער.

מיטאַמאָל דערזעט צילקע זייער הויז, און בעת די אויגן
אירע לויפן אַזוי אין דער אַרומיקער ווייסקייט, דערזעט זי דעם
גרויסן חורבן, וואָס די מענטשן האָבן דאָ געמאַכט...

—האָ-האָ!...

ער ליגט אויסגעצויגן אויף דר'ערד, דער גרויסער וואַלד.
מתים אין תכריכים ליגן אויסגעצויגן איינער אויפן צווייטן און
איינער אָפּגעזונדערט פון צווייטן. ווי רויבער וואָלטן אים באַ־
נאַכט באַפאַלן, דעם וואַלד, און פאַרטאָג זענען זיי אַנטלאָפן. נישט
פאַרענדיקט איז נאָך זייער אַרבעט. דאָ און דאָרט שטייען דער־
שראָקענע מנינים ביימער, גאַנצע קוואַדראַטן נישט אויסגעהאַקט...

שטייען זיי און גרינען נאָך העלער ווי שטענדיק מיט די פכך־נאָדלען. עס דוכט זיך אויס, אַז זיי קוקן מיט גרויסע גריגע אויגן, מיט אָנגעשראָקענע אויגן קוקן זיי אויף זייערע טויטע ברידער, אויף דעם ריזיקן בית-עולם און וואַרטן...

איוואַן גייט זיך זיין וועג, צו זיך אין שטוב גייט ער אַהעק. און צילקע בלייבט אַליין.

זי גיט אַ קערעווע אויף רעכטס, אויף לינקס, זי איז שוין גאַנץ, זי איז שוין לעם די דריי הייזער, אַלע דריי שטייען זיי פאַרקלאַפט מיט ברעטער, די פענסטער...

ש-ש-ש...

און אַרום איז אַזוי שטיל. אַ ווינטערפויגל יאָמערט אויף אַן איבערגעבליבענעם בוים, און אויף אַ צווייטן בוים הענגט אַ שטיקל שטריק... אַן אָנדענק פון דער מומע ניכעס וועש, וואָס זי פלעגט דאָ טריקענען אין וואַלד.

אָט אַזוי וואַרפט זי מיט די אויגן, צילקע, און קריכט איבער די פאַרשנייטע טויטע ביימער. און בעת זי ווערט מיד שאַרט זי אַראָפּ פון אַזאַ בוים-סקעלעט אַביסל שניי און זעצט זיך אַוועק אויף זיין רוקן, זיצט און קוקט. פריער איז דאָ לעבן און וואַ-רעמקייט געווען אין דעם ווינקל. אַפילו אין די גרעסטע פרעסט פלעגט זיך אַרויסכאַפּן אַ פּאַרע פון שטוב, פון קוימענס איז גע-גאַנגען אַ בלאָער רויך און זיך דורכגעגנבעט דורך די גרינע צווייגן הויך-הויך ביז צום הימל. שטיל, ווייס און ליכטיק אַרום.

אַזוי ליכטיק איז דאָ נאָך קיינמאָל נישט געווען. נאָר די ליכטיקייט דריקט צילקעס נשמה ביז צום וויינען. זי קלאַפּט מיטן טאַטנס שטיוול דעם צוגעפרוירענעם שניי ביז דער בוים ווייזט זיין גאָלדענע קאָרע...

פוסט אַרום...

ווו זענען די שטעגן, אויף וועלכע זי איז דאָ מיט סאַשען אַרומגעגאַנגען?

ווו זענען דאָ געשטאַנען די ציגיינער?

זי דערקענט נישט איר היים... און ווו איז דאָס טייכל?

זי קריכט אַראָפּ פון דעם קלאָץ, אויף וועלכן זי איז גע-

זעסן און גייט זוכן דאָס טייכל. אַ באַרג שפּענער און צווייגן האָבן עס פֿאַרשאָטן און דער פֿראָסט האָט די צווייגן איינגע-שמידט אין אייז.

אַלץ איז דאָ אַנדערש געוואָרן, ליידיקער, אָרעמער, נאָר ליכט און שניי איז אַ סך צוגעקומען. ליכט און שניי, זי באַווייזט נישט אַ טריט צו שטעלן און עס דאַכט זיך איר שוין, אַז זי האָט פֿאַר-בלאָנדזשעט... אין אַ פֿרעמדן וואַלד איז זי געקומען און דעם וואַלד האַקט מען אויס. וואַרפֿט זי איבער אַ בליק אויף די דריי פֿאַר-שלאָגענע און פֿאַרשלאָסענע הייזער, אויף דעם רויקן גאַניקל פֿון זייער הויז, ווו זי פֿלעגט אין די זומערדיקע באַגינענס זיך אַוועק-שטעלן און אָפּגעבן „גוט-מאָרגן" דעם וואַלד... וואַרפֿט זי אַ בליק און דערקענט איר צעשטערטע היים, נעמען לויפֿן האַסטיק די טרערן פֿון האַרצן ביז די אויגן און אין די אויגן בלייבן זיי שטיין פֿאַרגליווערט, פֿאַרפֿרוירן...

זי גייט אַהיים צוריק. זי גייט אָן מוט. די שווערע שטיוול, דעם טאַטנס, זענען נאָך שווערער געוואָרן, דער שניי קלעפּט זיך צו זיי. זי איז אַזוי מיד, אַזוי עלנט...

נישט ווייט פֿון מסטיבאָווע קומט איר די מומע אַנטקעגן.

זי איז אומרויִק געוואָרן, וואָס דאָס „קינד" איז אַזוי לאַנג נישטאָ.

—האָט עס געלוינט? צילקע... שלעפּן זיך אין וואַלד, האָט עס געלוינט?

—מען האָט אים שוין כּמעט אינגאַנצן אויסגעהאַקט, מומע...

—נו איז וואָס? דעם ערשטן וואַלד האַקט מען אויס?...

—אָבער מיינעביימער, צוזאַמען מיט מיר זענען זיי אויס-געוואַקסן...

—אַ מענטש איז דאָך אַ מענטש און ביימער זענען האָלץ...

די צוויי פֿרויען זענען אַהיימגעגאַנגען איינגעוויקלט אין פֿאַטשיילעס און זעלטן ווען אַ פֿראַזע געוואָרפֿן. און שוין אין שטעטל איז זיי פֿון ווייטן נאָכגעגאַנגען פֿרויקע. אויסגעדוכט האָט זיך, אַז ער קוקט גאָרנישט אויף זיי. אויף די הייזער, אויף די פֿאַרשנייטע קוקט ער, אויף דעם ראַנד פֿון הימל, וואָס האָט די

גאַנצע מסטיבאָווע אַרומגעזיימט.

ער האָט איין געדאַנק געהאַט, דער פּרויקע, איין תּפילה, איין פאַרלאַנג:

זאָל זי נאָר קיין גראָדנע מער נישט פאָרן, די צילקע...

זאָל זי דאָ בלייבן צווישן די פאַרשנייטע איינגעהויקערטע הייזלעך.

ער האָט אָפּגעלעבט אינגאַנצן, דעם קאָפּ האָט ער שטאָלצער אויפגעהויבן. הייסט עס, אַז ער האָט נאָך מזל: פון גראָדנע, פון אַזעלכע גבירים איז זי אַנטלאָפן... פאַרוואָס? וואָס דאַרף איס דאָס אָנגיין? אַבי זי איז דאָ פאַראַן אין מסטיבאָווע, אין דער צווייטער העלפט פון זייער שטוב, און ער הערט אָפט דורך דער וואַנט, ווי זי זינגט.

און צילקע...

זי איז פון וואַלד צוריקגעקומען אַ צעטראָגענע:

—פאַרקלאַפּט אונזער הויז, מיט ברעטער די פענסטער פאַר־שלאָגן.

—און דאָ, צילקע, דאָ איז דען אַ שלעכט הויז: וואַרעם, ליכטיק, ציכטיק. — די מומע ניכע האָט געטאַנצט אַרום איר. און ווען צילקע האָט זיך אַביסל באַרויקט האָט זי אָנגעהויבן מיט איר אַ שמועס:

—וועסט דאָך פאָרן אינגיכן צו דיינע, צו די לוריעס... יאָ, צילקע?

צילקע האָט שווייגנדיק געשאָקלט מיט קאָפּ: „ניין״!

—פאַרוואָס?

—ער האָט אויף מיר געשריגן, אין כּעס איז ער אויף מיר געוואָרן, סאַשע, און ער האָט בייז געשריגן.

די מומע ניכע האָט זיך צוגערוקט נענטער צו איר:

—אַ מאַן מעג אַמאָל שרייען... וואָס איז? בייזערט זיך אַן אַביסל און ווערט ווידער גוט... וואָס איז?

האָט זיך צילקע מיטאַמאָל אויסגעגלייכט, האָט זיך אויפ־געשטעלט און בייז־שטאָלץ אַרויסגערעדט!

—אויף צילקען שרייט מען נישט... אויף די הענט האָט ער

מיך געטראָגן, איז וואָכן-לאַנג פון וואַלד נישט אַרויס... צוליב מיר. און דאָרט, אין גראָדנע, האָט ער זיך גענומען באַהאַלטן פון מיר, אין אַ באַזונדער צימער אַוועקגיין, אין ביליאַרד שפּילן, גאַנצע טעג האָב איך אים נישט געזען... ניין, מומע! אויס, אויס...

—וואָס, „אויס"?

—איך וועל דאָרט מער נישט פאָרן, מומע ניכע, זאָלסט רעדן מיט דעם טאַטן. און אַז דער אַלטער לוריע וועט ווידער קומען זאָלסטו אויך מיט אים רעדן און אַלעמען זאָלסטו זאָגן, אַז צילקע וועט קיין גראָדנע מער נישט פאָרן...

זי איז זייער אויפגערעגט געווען און אין די אויגן בײַ איר זענען אָנגעלאָפן טרערן. האָט זיך די מומע ניכע אָפּגערוקט אין אַ ווינקל און שוין מער נישט גערעדט.

אויף שבת איז איסר ווידער געקומען. האָט זיך דורכגעוואָרפן מיט עטלעכע האַלבע ווערטער, צו דער מומען עפּעס גערעדט, צו צילקען אַ ברום געטון און אַ גאַנצן שבת אַרײַנגעקוקט אין אַ ספר.

און נאָך הבדלה איז ער צוגעגאַנגען צו צילקען און איר טיף אַרײַנגעקוקט אין די אויגן...

—צילקע!

זי האָט אַ ציטער געטון, זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דעם טאַטנס צוגיין באַדײַט עפּעס אַן ערנסטע זאַך.

—וואָס ווילסטו, טאַטע!

—ווערסט אַלץ פאָלגן, וואָס איך וועל דיר בעטן?

זי האָט זיך אַ רגע געקווענקלט און באַלד אַרויסגערעדט:

—אַלץ.

האָט ער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף איר און אָנגעהויבן רעדן:

—דײַן סאַשע איז שוין געקומען פון פעטערבורג, די לוריעס וואַרטן אויף דיר, ס'איז דאָך נישט שיין...

—וואָס ווילסטו, טאַטע!

—איך וויל, אַז דו זאָלסט מאָרגן אַוועקפאָרן קיין גראָדנע, איך וועל דיך באַגלייטן...

איז זי אויפגעשפּרונגען, צוגעלאָפן צום פענסטער און גע-בליבן שטיין אַזוי שווייגנדיק... ביז דער טאַטע האָט זיך ווידער אָנגערופן:

—נו, צילקע!

—איך וועל נישט פאָרן... איך האָב דאָרט גאָרנישט, קיי-נעם נישט.

דער אַלטער איסר האָט געפּרוווט וווירקן מיטן לעצטן מיטל:

—אויב דו וועסט נישט פאָרן, וועל איך מער קיין מכשי-באָווע נישט קומען, איך וועל שוין ערגעץ אָפּפוילן אין אַ וואַלד, נאָר דאָ וועל איך מער נישט קומען. און נישט דו און נישט די מומע ניכע וועט מיך מער נישט זען...

—טאַטע!

זיי האָבן זיך ביידע אַ רגע אָנגעקוקט.

זי האָט אָנגעהויבן רעדן די ערשטע:

—אויב דו וועסט מער נישט קומען אַהיים און אויב איר אַלע וועט מיך פּייניקן און צווינגען צו פאָרן קיין גראָדנע, ווייס איך שוין, וואָס איך וועל טון.

עס איז געוואָרן שטיל. איסר, די מומע ניכע און צילקע— אַלע דריי האָבן אַריינגעטראַכט אין זיך...

—וואָס וועסטו טון? — האָט איסר געפרעגט.

—ביי אונז אין וואַלד זענען נאָך געבליבן ביימער, און אַ שטריק וועל איך קריגן.

איז די מומע ניכע צוגעלאָפן:

—פו, זאָל דאָס ווערן. אויף אַ פולע וואָך אַזעלכע רייד, שעם זיך, צילקע, ביסט משוגע געוואָרן... פו, זאָל דאָס ווערן...

און זי האָט גענומען וואַרפן אומרויקע בליקן אויף צילקען און אויף איסרן.

י, די מומע ניכע ווייסט שוין אַזעלכע מעשיות מיט אַ שטריק אויף אַ בוים.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך אַ מסטיבאָווער מיידל טאַקע אויפגעהאָנגען אין וואַלד, עפּעס צוליב אַ חתן...

איסר איז געבליבן שטיין אַ שטומער. אָן אָנגעשראָקענער,

האָט געקוקט אויף די ווענט, אויפן פענסטער. אַריינגערוקט עט-לעכע פינגער אין באָרד און מער קיין וואָרט נישט גערעדט.

שפּעטער, ווען ער איז שוין געזעסן ביי אַ ספר, האָט ער זיך אָנגערופן צו ניכען, אָבער אַזוי, אַז צילקע זאָל אויך הערן.

—וואָס זי וויל זאָל זי טון, זאָל זי פאָרן, זאָל זי נישט פאָרן...

און פון דעמלט אָן האָט שוין קיינער צו צילקען מער נישט גערעדט קיין וואָרט וועגן גראָדנע, וועגן די לוריעס. די דריי מענטשן, וואָס האָבן אַ לעבן אָפּגעלעבט אין וואַלד, האָבן זיך פאַרשטאַנען דורך האַלבע ווערטער, דורך נישט דערזאָגטע פראַזן. איינגעשפּאַרט זענען זיי געווען יעדערער פאַר זיך, און צאָרן, כעס האָבן זיי טיף באַהאַלטן. אַלע קאָנפליקטן און איבער-לעבונגען פלעגן זיך ענדיקן ביי זיי מיט אַ לאַנג שווייגן...

צילקע פלעגט איצט זייער אָפט גיין צום געוועזענעם וואַלד, צו די דריי פאַרקלאַפּטע הייזער.

אין שטעטל פלעגט מען זי אָנקוקן מיט אַ מאָדנעם דרך-ארץ, בעת זי פלעגט פאַרבייגיין אין דער מומעס פאַטשיילע און אָנגעטאָן אין טאַטנס שטיוול.

מענטשן פלעגן קוועטשן מיט די פּלייצעס:

—אין וואַלד גייט זי, אין ליידיקן, כמעט אויסגעהאַקטן וואַלד...

—אַזוי ווי אויף קבר-אבות...

—און פון אַזאַ רייכקייט אַנטלאָפן...

—מעלאַנכאָליש...

—אין טאַטן געראָטן...

אָבער דער דרך-ארץ צו איר איז נישט פאַרשוווּנדן. איסרס, דעם משרת טאָכטער, אַ וואַלד-מיידל, וואָס אַלע געדענקען נאָך, ווי זי פלעגט קיין מסטיבאָוועָ באָרוועס קומען. מען האָט געקוקט איצט אויף איר, ווי אויף אַ געקרוינטע...

אָט באַלד וועט זי זיך אויפהייבן און ערגעץ אַוועקפליען...

ניין, זי וועט אַוועק קיין גראָדנע, צו די גבירים, צו די לוריעס...

אַזאַ רייכקייט, אַזעלכע מיליאָנען...

—אַזאַ יחוס...

נאָר צו די לוריעס איז זי נישט געגאַנגען. צום אַלטן שאָ-סיי-וועכטער פלעגט זי גיין, צום שטומען וואַלד, וואָס איז גע-לעגן אונטערגעהאַקט אויף דר'ערד. מיט איוואַנען פלעגט זי רעדן עטלעכע ווערטער און מיט דיביימער פלעגט זי לאַנג שווייגן, שעה'ן לאַנג שווייגן.

וואָס ווייטער פון שאָסיי, אַלץ מער לעבעדיקער וואַלד איז געבליבן. און צילקע האָט ליב געהאַט זיך איינצופלאָנטערן אין דער ווייסער געדיכטקייט פון ווינטערדיקן וואַלד. אין אַ פראָסט-טאָג, בעת די פאַרע פון מויל ווערט גלייך פאַרפרוירן און די ביימער שטייען אָנגעצויגענע, ווי דיקע סטרונעס, ווי זיילן פון שטאָל, אין דער געפרוירענער שטילקייט הערט זיך אַ שאָרך, אַ קרעכץ, ווי פון אַ שערבל, וואָס ברעכט זיך: דאָס פּלאַצט פון פראָסט די קאָרע אויף די ביימער...

און מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ קעצישער, אַ קאַלטער קוויטש פון אַ וועווריק. די גאָלדענע שטיפּערקע איז דאָ נישט געפרוירן געוואָרן און אַזוי ווייט, אַזוי ווייט גייט איר קוויטש אַוועק. ער מאַכט נישט אומעטיק, נאָר אַזאַ פעסטע זיכערקייט קלינגט אין...

אַז אייביק וועלן וועלדער זיין.

און אייביק וועלן זיך די גרינע קעפּ פון די ביימער ציען צום בלאָען הימל.

אַ סך מאָל, בעת צילקע גייט צוריק קיין מסטיבאָווע, דער-זעט זי שוין פון ווייטן די מומע ניכע, וועלכע ווערט אומרויק, בעת צילקע זאַמט זיך צו לאַנג. עס דוכט זיך, אַז די אַלטע טראָגט וואָרעמקייט פאַר דער יונגער צילקען, וועלכע האָט זיך אין וואַלד אַזוי דורכגעפרוירן און אין שטוב איז שוין אָנגעגרייט עסן פאַר דער יתומה.

ווען די מומע פלעגט באַמערקן, אַז צילקען לאַנגווייליקט, פלעגט זי אַריינלויפן צי די באַראַשעס און פאַרבעטן פרויקעס שוועסטער. פרויקעס שוועסטער פלעגן פאַרבעטן נאָך מיידלעך.

אַלע זענען גערן געגאַנגען צו צילקען. זי איז דאָך געווען אין גראָדנע ביי די לוריעס, זי איז אַ שיינע, אַז דער „אויס-

לענדער״ האָט זיך אין איר פאַרליבט.

און אַ מאָדנע איז זי: פון אַזאַ רייכקייט איז זי אַנטלאָפן. צו צילקען זענען די מיידלעך גערן געגאַנגען...

און געמאַכט האָט זיך אַזוי, אַז פרויקע האָט אַריינגעשטעלט אַ פוס צו איסרן אין שטוב. צו ערשט איז ער געקומען רופן די שוועסטער, דעם צווייטן מאָל האָט ער געפונען אַ נייעם אויסרייד. צילקע האָט אים יעדעס מאָל נייגעריק אָנגעקוקט. זי האָט זיך עפּעס דערמאָנט, עפּעס געדאַרפט דערמאָנען... אַמאָל אין שליטל, ווי ער פלעגט דאַן קושן די מיידלעך און צילקען האָט ער אויך געוואָלט קושן, נאָר זי האָט פאַר אים פריער מורא געהאַט. איצט האָט זי גאָר קיין מורא נישט... זי האָט זיך אויך דערמאָנט, ווי ער האָט אין וואַלד געטאַנצט מיט דער ציגיינערין און ווי צילקעס האַרץ האָט דאַן גענומען קלאַפּן... דערנאָך האָט ער זיך איר אַ סך מאָל געחלומט...

פרויקע מיט די שטיוועלעך. ער איז רויקער געוואָרן, אָבער זיינע פּלייצעס זענען זיך אַזוי ברייט צעוואַקסן און נאָר ער זוכט צילקען מיט די אויגן. און יעדע רגע דוכט זיך איר אויס, אַז ער וויל איר עפּעס זאָגן. נאָר זיי זענען קיינמאָל נישט אַליין. די מומע ניכע גייט אויף אַ רגע פון צימער נישט אַרויס און די חברטעס, צילקעס, זיצן און לאַכן און פּלאַפּלען.

איינמאָל האָט זיך צילקע אָנגערופן, אַז ווען פרויקע וואָלט וועלן...

—וואָס?— האָבן עטלעכע מיידלעך געפרעגט.

—וואָלט ער איינגעשפּאַנט דאָס פערד אין שליטן און מען וואָלט זיך געלאָזט אַביסל איבער די פעלדער...

האָבן זיך פרויקעס שוועסטער פונאַנדערגעלאַכט. די איבעריקע מיידלעך האָבן אויך געלאַכט. און פרויקע איז רויט געוואָרן. צילקע האָט נישט פאַרשטאַנען פון וואָס זיי לאַכן און פאַרוואָס פרויקע איז רויט געוואָרן. זי האָט נישט געוווסט, אַז מיט חדשים צוריק איז פרויקע אַוועק מיטן פערד קיין וואָלקאָוויסק און אַלץ פאַרשפּילט.

טאָקע צוליב צילקען. ווייל זי האָט חתונה געהאַט מיטן „אויסלענדער".

איצט האָט זיך איינע פון פרויקעס שוועסטער אָנגערופן:

— שוין נישטאָ, שוין נישטאָ ביי אונז קיין פערד, שוין לאַנג פאַרקויפט! — אָבער פאַרוואָס, האָבן זיי נישט דערציילט, נישט געוואָלט פאַרשעמען פרויקען.

און ווייל ער איז דעמלט רויט געוואָרן...

און דערפאַר, וואָס ער פלעגט אויף איר קוקן מיט אַזעלכע איבערגעגעבענע אויגן, האָט צילקע אויך אויף אים גענומען מער קוקן.

און צו דער מומען ניכע האָט זי שוין אָפנהאַרציק גערעדט, צילקע:

— דו ווייסט, מומע, ווען פרויקע קומט אַריין צו אונז ווערט מיר פריילעכער.

די מומע האָט אויפגעעפנט די אַלטע אויגן...

— ווער, פרויקע? מיינסט, אַז עס וועט פון אים זיין אַ לייט אַמאָל?...

— וואָס איז דאָס „זיין אַ לייט", מומע!

— אַ לייט הייסט: זיין אַ מענטש און לעבן ווי אַ מענטש...

— און פרויקע לעבט נישט ווי קיין מענטש? פרויקע איז נישט קיין מענטש?...

די אַלטע ווערט צעטומלט פון צילקעס פראַגן און גייט ביז אַוועק צו אירע טעפלעך.

פרויקע פלעגט איצט יעדן טאָג קומען, אויסער שבת, ווען דער אַלטער איסר איז געווען אינדערהיים. פאַרן אַלטן האָט ער מורא געהאַט.

ער פלעגט זיך שטעלן ביים אויוון וואַרעמען. אַלץ דרייסטער און מונטערער איז ער געוואָרן. און די אַלטע ניכע האָט אין זיך געברומט:

— „ביי זיי אין שטוב איז דאָך אויך פאַראַן אַ אויוון"...

„וואָס קומט ער דאָ"?

— „צו צילקען קומט ער".

—„און זי איז צופרידן, וואָס ער קומט“.

—„זי קוקט אים נאָך, לאַכט בעת ער לאַכט, זינגט בעת ער זינגט“.

„ווי די קעץ שאַרן זיי זיך איינס צום צווייטן“.

די כּלים זענען ווידער געפּאַלן פון אירע הענט, אַזויווי זומער, בעת סאַשע האָט זיך אין וואַלד באַזעצט.

ווייפל האָט זי זיך שוין אָנגעליטן, די ניכע. וויפל נעכט זי איז שוין נישט געשלאָפן צוליב דער יתומה און שטענדיק דאַכט זיך איר, אַז זי, זי איז אין אַלץ שולדיק, זי וועט האָבן גיהנם דערפאַר. אַלץ גראָער, איינגעצויגענער איז זי געוואָרן, די אַלטע, וואָס האָט אַ לעבן אָפּגעלעבט אין איינזאַמקייט. איין יום-טוב האָט זי געהאַט אין אירע יאָרן, איין טרייסט: אָנטאָן אַ ניי שייטל און אַריינקוקן אין טייטש-חומש.

און איצט, וואָס פרויקע איז געוואָרן אַן אָפטער גאַסט ביי זיי און דאָס, וואָס צילקע פרייט זיך מיט זיין קומען. איצט, האָט זי שוין גאָרנישט געוווּסט, וואָס צו טאָן.

איסר אַנטלויפט קיין מסטיבאָווע, ער קוקט נישט אויף קיין מענטשן און אויף צילקען אודאי נישט.

פאַר פרעמדע דערציילן האָט זי נישט געוואָלט. מיט צילקען אַליין רעדן? זאָל זי זיך באַרעכענען, אַז זי האָט אַ מאַן אין גראָדנע, זאָל זי אָוועקוואַרפן איר קאַפּריז און זיך אומקערן צו די לוריעס. אין אַלע שטעט און שטעטלעך רעדט מען דאָך איצט וועגן דעם געשעעניש. וועגן דעם, וואָס אַן אָרעם מיידל האָט חתונה געהאַט מיט אַ לוריע און איז פון אים אין עטלעכע חדשים אַרום נאָך דער חתונה אַנטלאָפן, אָן אַ פאַרוואָס.

אָבער צילקע איז איינגעשפּאַרט און קיין ווערטער וועלן דאָ נישט העלפן.

האָט זי געשוויגן און געזיפצט...

און זי האָט גאָרנישט געקאָנט העלפן, ווען פרויקע איז איינמאָל צוגעפאָרן מיט אַ שליטן באַנאַכט. דעם שליטן האָט ער געבאָרגט ביי אַ שכן, אַ קריסט. צוגעפאָרן צו דער שטוב און אַרויסגערופן צילקען...

שליטלען זיך אַ ביסל
באַנאַכט אַליין: צילקע אַ ווייב, וואָס איז אַנטלאָפן פון אַ מאַן... מיט פרויקען דעם „קאָלבאַסניק”! זי האָט זיך געוואָלט אין טיר שטעלן, נישט אַרויסלאָזן צילקען, נאָר יענע האָט אפילו נישט געקוקט אויף דער מומען און איז אַרויס צום שליטן, איינגעוויקלט אין פאַטשיילע.

אַ ווייסע נאַכט. דאָס פלינקע פערד האָט עטלעכע האַסטיקע טריט געמאַכט — און שוין פאַרשווונדן זענען די הייזלעך מיט די פייערלעך. עס האָט זיך אָנגעהויבן פעלד, פעלד און אויסגעשטערנטער הימל. דער שניי, וואָס האָט זיך באַטאָג לייכט געשמאָלצן אויף דער זון, האָט זיך איצט ווי גלאָז געבראָכן אונטער דעם פערדס פאָדקאָוועס. דאָס שליטל איז געפלויגן איבער פלאַכע בערגלעך און קליינע גריבלעך...

צילקע איז נישט ווילנדיק עטלעכע מאָל צוגעפאַלן צו פרויקעס פלייצעס און זי האָט דערפילט, אַז זי וויל, דאָס שליטל זאָל זיך אַ טרייסל טון און זי זאָל נאָכאַמאָל צופאַלן צו פרויקען...

און ביי יעדן טרייסל האָט אויך פרויקע געעפנט אַ מויל מיט ציין און געלאַכט צו צילקען און אין דער נאַכט אַריין געלאַכט.

נאָר ווו איז דאָס אַוועק זיין אַמאָליקע דרייסטקייט?

ער וואָלט שוין לאַנג אָפּגעלאָזט די לייצעס און די הענט וואָלטן מיט עפּעס אַנדערש געווען פאַרנומען, נאָר פאַר צילקען האָט ער נאָך אַלץ מורא. ער קוקט איר אין די אויגן, ציילט און מעסט אירע ווערטער...

צי זי האָט שוין פאַרגעסן דעם לוריע?

און צי ער, פרויקע, געפעלט איר?

ווען דאָס שליטל נעמט שווימען לאַנגזאַם איבערן שניי, רעדן זיי וועגן פאַרשידענע זאַכן און גאָר ווייניק וועגן זיך אַליין. צילקע דערציילט:

אַז אין גראָדנע, ביי די לוריעס, איז פאַראַן אַזאַ קאַסטן, ווי אין פרודנע ביי דעם פריץ, מען רופט עס: פאָרטעפּיאַן, און זי, צילקע, האָט ליב געהאַט צו פּויקן מיט די פינגער אין קאַסטן,

אַזעלכע מאָדנע קלאַנגען האָבן זיך דאַן געהערט, קלאַנגען, וואָס דערמאָנען אפילו אָן וואַלד.

וועגן אַלטן לוריע דערציילט זי, אַז ער פלעגט איר צו זיך אויף די קני אַרויפזעצן.

וועגן אַלעמען רעדט זי, וועגן אַ סך קלייניקייטן, נאָר סאַ-שען, סאַשעס נאָמען דערמאָנט זי נישט.

און דאָס וווּנדערט פּרויקען, נאָר פרעגן וויל ער נישט.

—פּרויקע!— רופט זיך צילקע פּלוצלונג אָפּ.

—וואָס?

—ווען ס'וועט ווערן זומער, וועלן מיר צוזאַמען גיין איבער די וועלדער, אָט דאָ אַרום, אין די וועלדער, וועלכע מען האָט נאָך נישט אויסגעהאַקט. איך וועל זיך אויסטון באָרוועס און דו מיט דיינע גלאַנציקע שטיוועלעך... אַזוי ווי מיט דער ציגיינערין... געדענקסט?...

זי קוקט אים אַזוי דרייסט אין די אויגן אַריין... אָט באַלד וועט ער די לייצעס אָפּלאָזן... באַלד... נאָר עס ווינקען שוין די פייערלעך פון שטעטל, זיי זענען שוין צוריקגעקומען.

צילקע כאַפּט זיך אַריין אין שטוב, דער פראָסט שפּילט אויף איר פּנים. זי קוקט זיך אַרום, די מומע שלאָפט, צי זי מאַכט זיך שלאָפנדיק אין איר בעט. צילקעס וואַרעמע בעט האָט די מומע מיט אירע דאַרע הענט שוין גרייט געמאַכט... זי וואַרפט זיך אויפן געלעגער און מאַכט צו די אויגן. אין די אָדערן שטראָמט האַסטיק דאָס בלוט, דאָס האַרץ קלאַפּט און עס נעמען שוועבן אין די געדאַנקען שטיקלעך אָפּגעריסענע בילדער... וועלדער, וועלדער, דער שאָסיי, פּרויקע מיט דער ציגיינערין, סאַשע און גראָדנע מיטן אַלטן לוריע. נאָר פון די אַלע בילדער ווילט זיך איר אויספּלאָנטערן, ווייל די הענט ציען זיך צו איין געשטאַלט, צו פּרויקען.

אַזעלכע רונדע פּלייצעס האָט ער, אַ שטיק האַרץ זיינס זעט זיך אַרויס, באַוואַקסן געדיכט, געדיכט מיט שוואַרצע האָר... און עס דוכט זיך איר, אַז באַלד וועט ער זי אויף די הענט כאַפּן און וועט מיט איר אַנטלויפן. און אויב ער וועט נישט וועלן וועט

זי אים אין אירע שטייפע הענט כאַפּן און לויפן, לויפן מיט אים צו טייכל, צו דער צווילינג-סאָסנע און נאָך ווייטער.

פּלוצלונג עפנט זי די אויגן. עס וונדערט איר, וואָס זי זעט נישט פּרויקען נעבן זיך, נאָר אָנשטאָט פּרויקען דערזעט זי די מומע ניכע, וועלכע זיצט אויף איר בעט און קוקט אויף ציל-קען, אויף איר יעדער באַוועגונג. אַן אַלטע, אַן איינגעבויגענע, אַ בייזע און אַ גוטע אינאיינעם קוקט זי אויף צילקען מיט בליקן פון אַן אַנדערע וועלט. און צילקע וונדערט זיך נישט, וואָס זי דער-זעט אומגעריכטערהייט דער מומעס בליקן אויף זיך...

די מומע באַדאַרף אַזוי קוקן...

און צילקעס האַרץ, וואָס קלאַפּט אַזוי האַסטיק איצט — באַ-דאַרף אַזוי קלאַפּן...

זיי קוקן זיך אַזוי אָן, ביידע פרויען. צילקע האַלט די ער-שטע נישט אויס. עס שלעפערט איר, דערלאַנגט זי אַ טרייסל מיטן קאָפּ האָר און באַהאַלט זיך אונטער דער פּערענע.

אויף מאָרגן קומען פּרויקעס שוועסטער און צילקע דער-ציילט פון נעכטיקן שליטלען זיך. עס האָט געטרייסלט און דער שניי האָט זיך געבראָכן, ווי שערבלעך. דערנאָך, ווען זי איז אַהיימגעקומען, האָט דאָס פּנים געפלאַמט און עס איז זיך גע-שמאַק געשלאָפן.

פּרויקעס שוועסטער דערציילן פאַר די שכנים, אַז צילקע ווערט אַלץ פריילעכער און מונטערער, און אין שטעטל האָט שוין ווער אַ וואָרף געטון אַ ווערטל, אַז פּרויקע האָט הצלחה...

—און וואָס וועט דערצו זאָגן, גראָדנע?

—אַי, די גבירים, ביי זיי איז אַלץ מעגלעך.

עס זענען געווען אין שטעטל נאָך מיידלעך מיט ליבעס, מיט חתנים, נאָר מער פון אַלעמען האָט מען גערעדט פון ציל-קען און פון פּרויקען.

זי איז שוין אַליין אויך געגאַנגען צו פרעמדע מענטשן, צו די באַראַשעס און צו אַנדערע שכנים אַביסל שווייגנדיק און אַביסל שעמעוודיק. מען האָט זי ליב געהאַט און אַ נייגעריקייט איז געווען צו איר אַ גרויסע...

—עפּעס איז זי אַן אַנדערע...
—אין וואַלד געוואַקסן.
—אָבער פּרויקע, פּרויקע...
—אַז ער וואַרפט אַן אויג אויף וועמען...
—ווען שוין אַפילו לוריעס מיליאָנען אויך נישט העלפן...

עס איז שוין געגאַנגען צו פּורים. שניי איז געפאַלן און שניי איז צוגאַנגען. אַ האַלבן דאַך פלעגט די זון אָפּוואַרעמען, צעשמעלצן און דער צווייטער האַלבער דאַך איז נאָך געלעגן ווייס איינגעוואַטעוועט... אויסערן שטעטל זענען שוין געשטאַנען אָנגעלאָפענע וואַסערן און שניי האָט זיך געמישט מיט צעווייקטע ערד. גיין אין וואַלד איז פאַר צילקען אוממעגלעך איצט געווען, אַפילו אין דעם טאַנס שטיוול איז געווען שווער צו גיין. אַ ווינטל פלעגט קומען פון די וועלדער, האָט עס געטראָגן ריחות פון פריש גע-האַקט האָלץ, און נאָך אַ ריח פון פאַראַיאָריקע בלעטער און סכך-באָדלען.

איוואַן איז געקומען צו ניכען. ער איז עטלעכע וואָכן גע-ווען אין פּעטערבורג, וווּ זיין זון האָט געדינט. ער האָט דער-ציילט, אַז אין דער גרויסער שטאָט איז אים זייער שווער געווען.

—עס איז געווען אַ סך צו זען, נאָר איך בין צעטומלט גע-וואָרן, האָב איך גאָרנישט געזען. איך בין אַ פּראָסטער מענטש, איך מוז עטלעכע מאָל אַ טאָג זען דעם הימל, וועלכער לייגט זיך אַזוי ברייט אויס ביי אונז אויפן שאָסיי... אין וואַלד איז בעסער פאַר אונזערע מענטשן.

האָט צילקע אונטערגעכאַפּט די ווערטער:

—טאַקע אַזוי, איוואַן! אין וואַלד איז בעסער פאַר אונזערע מענטשן, אַז עס וועט זומער קומען וועל איך מיט פּרויקען זיך לאָזן אין די איבערגעבליבענע וועלדער...

—מיט פּרויקען?—האָט איוואַן איבערגעפרעגט און אָנגעשטעלט אַ פּאָר נייגעריקע אויגן.

און צילקע האָט זיך פאַרשעמט.

זי האָט נאָך אַליין נישט באַטראַכט אַלץ, וואָס זי האָט דורכגעפילט די לעצטע צייט. איר פרייד, וואָס זי האָט בעת

פרויקע רעדט, און דאָ קומט דער איוואַן פון וואַלד און גיט אַזוי הויך אויפן קול אַ פרעג: „מיט פרויקען?"

גייט איוואַן צו נענטער און לאַכט איר אין די אויגן גלייך:

—מיט פרויקען איז מיט פרויקען. וועסט קומען אין וואַלד, וועל איך דיר ווייזן ס'אַר אַ שיינעם פוקס איך האָב געכאַפּט, אין אַ שטייג האַלט איך אים.—און ער גייט אַוועק, איוואַן, צו דער מומע ניכע אין צווייטן חדר און רעדט מיט איר וועגן שטוב-זאַכן, ווי אַן אייגענער מענטש.

אין איינעם פון די לעצטע שבתים איז איסר נישט געקומען קיין מסטיבאָווע. ער האָט פון סוויסלאָטש מיט אַ מענטשן אָנגעזאָגט, אַז ער מוז פאַרבלייבן אויף דעם שבת אין וואַלד.

מער פון אַלעמען האָט זיך מיט דער ידיעה דערפרייט פרויקע. אַ גאַנצן שבת וועט דער שווייגנדיקער כעסן, איסר, נישט זיין...

און די מומע ניכע שווייגט שוין און מישט זיך נישט אריין, בעת ער איז לעם צילקען. בלויז פון צייט צו צייט וואַרפט זי אַריין אַן אומצופרידן וואָרט. מיט דער מומען קאָן מען נאָך דורכקומען — זאָל זי זיך בייזערן וויפל זי וויל.

עס איז פרייטיק פאַרנאַכט, נאָך ליכט בענטשן. די מאַנסבילן דאַוונען שוין. און צוויי מאָל האָט שוין ניכע פרויקען דערמאַנט, אַז דער עולם איז דאַוונען אַוועק. פאַרוואָס גייט ער נישט? פרויקע שטייט זיך, אָבער, רויק לעם אויוון, וואַרעמט זיך און שמייכלט:

—וואָס דאַוונען? איך וועל ווערן עלטער, וועל איך זיך נעמען צום דאַוונען.

די ליכט ברענען. אַ רויקייט קוקט אַריין פון דער טונקעלער גאַס. צילקע שטעלט זיך אויך לעם אויוון... די מומע ניכע קוקט אַריין אין אַ סידור און הייבט יעדע רגע אויף בייזע בליקן אויף דאָס פּאָרל.

און פרויקע בלאָנדזשעט דאָרט מיט די הענט אויף דעם וואַרעמען אויוון, ביז ער געפינט צילקעס אַ פינגער...

בלויז איין פינגער...

און עס דאַכט זיך אים, אַז ער האָט די וועלט איינגענו-

מען, ער האָט אַ גרויסן גבור באַוויזן, ווייל צילקע נעמט דעם פינגער נישט אַרויס צוריק. ער דריקט אים אין זיין פעסטער האַנט, ער שפּילט זיך מיט אים... און פרויקע פילט, אַז די גאַנצע צילקע, אָט די, וואָס פלעגט אים אַזוי שטאָלץ אָפּשטויסן פריער, די צילקע, וואָס האָט מיט אַ צווייטן חתונה געהאַט און דערנאָך אַנטלאָפן...

צילקע איז אים אינגאַנצן אונטערטעניק איצט, ווי איר קליין פינגערל, וואָס וואַרעמט זיך אין זיין האַנט.

דערנאָך, ווען די מומע איז אויף אַ רגע פאַרשווונדן געוואָרן, זי איז אויף עטלעכע מינוט אַריינגעלאָפן צו די באַראַשעס האָט פרויקע אַ קוק געטאָן אויף צילקען און צילקע האָט אַ קוק געגעבן אויף פרויקען...

ער איז אויף אַ טריט אָפּגעטראָטן פון אויוון און לייכט מיטגעפירט צילקען. אָנשטאָט איין פינגער האָט ער איצט אירע ביידע הענט געהאַלטן. געקוקט אויף איר מיט אַפּאָר אָנגעצונדענע אויגן... אַ רגע...

און זיי זענען ביידע צוגעפאַלן איינער צום צווייטן, ער האָט זיך איינגעביסן אין אירע ליפּן און זי האָט צוגעמאַכט פון ווייטיק אירע אויגן. געדאַכט האָט זיך זיי, אַז עפּעס האָט זיך צעזונגען, צעקלונגען אין דער גאַנצער שטוב, אויף דער גאַנצער וועלט, אין זייערע הערצער...

און דערנאָך האָט זי דערהערט, קוים דערהערט, וואָס פרויקע האָט צו איר גערעדט, כמעט געשריגן צו איר:

—שרייב אים, ער זאָל דיר שיקן אַ גט, אַ גט זאָל ער דיר שיקן... — — —

די טיר האָט זיך דאָרטן געעפנט, טריט האָבן זיך דערהערט,—דאָס איז די מומע ניכע פון די באַראַשעס צוריקגעקומען און פרויקע האָט זיך מיט איר אין אַריינגאַנג באַגעגנט:

—איך לויף דאַוונען, מומע ניכע! — — —

די אַלטע האָט זיך פאַרוווּנדערט און גענומען וואַרפן מיט די אויגן:

—מיטאַמאָל אַזוי פרום געוואָרן, מיטאַמאָל...

